אברהם פאירשטיין

# נגונים ראנגלען זיך

## לידער

ווער ס׳קאָן ברענגען אין מדבר דערלייז,
דערזעט פּלוצעם אַ דאָרן וואָס גליט;
ווער עס שמאַכט אינעם ראַנגלענדיקן קרייז,
וועט געפינען דערקוויק אינעם ליד . . .




209

פאַרלאַג „אויפסניי"

ניו יאָרק, נ. י., 1954

# ניגונים ראַנגלען זיך

ס'וואַנדלען ניגונים ווי גייסטער אין מרחק פון דער וועלט
בלאָנדזשענדיקע אין ווייטקייטן פרעמדע ערגעצוואו
און געפינען קיין היימאַרט ניט, קיין מקום מנוחה, קיין רו. —
ניגונים פאַרשטויסענע וואָס האָבן באַשערונג פאַרפעלט.

איך האָב אַמאָל אַ ניגון פאַרנומען וואָס האָט דערוואַכט
מיט אויגן פלאַמענדיקע וואָס פאַרברענען זיך אַליין,
ווי שטערן וואָס גליען און פאַלן, און לעשן זיך איין;
דו ווייסט נישט ווער ס'האָט זיי איינגעצויבערט אין דער נאַכט.

כ'האָב באַגעגנט אַ ניגון וואָגלען אויף וויסטע וועגן,
ווי אַ שיף אַ צעשטורעמטע — פאַרלוירן אַלע ברעגן,
ווען עס גרייכט דער אַנקער נישט אין טיפעניש פון תהום.

און ווען ניגונים ראַנגלען זיך אין תוהו ובוהו פון טעג
ווערן געשטרויכלט די פליגלען זייערע אין אימפעט פון געיעג
און פאַרפאַלן צווישן הימל און ערד בלאָנדזשענדיק אין רוים.

# די שעה פון טרייסט

לערן אונדז טראָגן די וואונדער פון פאָלק,
פון טיפעניש — הערן זיין קול.
לערן אונדז שטאַרק זיין ווי אייזן,
און הארט — אונדזער אָרעם ווי שטאָל.

ווי שטאָל זאָל קלינגען גבורה,
וואָס הערט זיך אין אויפוואַך פון ליד.
ווייטיק וואָס טראָגט זיך פון חורבן,
טאָר נישט צעברעכן ס׳געמיט.

לערן אונדז צינדן דאָס פייער ;
אָנצינדן — פלעמעלעך קליין :
אין שטאָק־פינצטערניש פון נאַכט,
צעפלאַקערן זיי וועלן אליין.

די נאַכט איז נאָר אַ שאָטן
פון שטערן וואָס טראָגן דאָס גליק ;
לאָמיר פון נאַכט ביזן טאָג,
בויען אַ גאָלדענע בריק.

און גענענען וועט ליכט צו ליכט
און פלאַם וועט קומען צו פלאַם,
ביז פאַקל וועט אויף די בערג,
לייכטן ווי אַ פלאַמיקער שטאַם.

לערן אונדז דערקוויקן דאָס פאָלק —
צינדן דאָס ליכט פון זיין גייסט.
מאַך אונדז שטאַרקער די הענט,
צו שמידן די שעה פון טרייסט.



# אַ בינטל גאָלד

האָט די זון אַ בינטל גאָלד געטאָן אַ וואָרף
אַנטקעגן דער פרימאָרגן־שעה,
ווי עס שלאָגט אַ האַנט אויף אַ גאָלדענע האַרף,
און זאָגט: „אָט בין איך דאָ!"

און ס׳לויפט די האַרף אין אַ קרייז אַרום און אַרום
און מיט פאַרבאָרגענעם שמייכל די האַנט:
„פון אַ האַרף וועל איך צויבערן אַ גאָלדענע בלום,
וואָס וועט לאַכן דעם טאָג דורכאַנאַנד."

און ווידער פאַרבאָרגט זיך די וואונדערלעכע האַנט
און שליידערט אַרויס אַ פּאַטשיילע פון ליכט.
טוט זיך אָן דער פּאַטשיילע יעדעס הויז און יעדע וואַנט
און צעשפּיגלט זיך אויף יעדן געזיכט.

און ס׳האַלדזט זיך דאָס ליכט מיטן גאָלד
און פירן אַ ליבע שעה־איין שעה־אויס.
צעבינדט זיך דאָס גאָלדענע בינטל און ראָלט
זיך פונאַנדער אין וועלטלעכן שוים.

טאַנצט דאָס ליכט אין קאָראָהאָד דעם גאַנצן טאָג;
טאַנצט מיט שמחה, טאַנצט מיט פרייד.
קרייזט אין געפּלאָנטער, לאָזט זיך אין געיעג,
און די האַנט יובלט פון ווייט.

ביז עס קומט די אָוונט־שעה אהיים צוגיין,
ציט די האַנט דאָס גאָלד צוריק;
ציט עס צוריק: שרומפּט עס קלענער, מאַכט עס קליין,
ביז ס'פאַרשווינדט אויף יענער זייט בריק.



# פרייד

(סאָנעט)

עס איז פרייד פאַראַן אין יעדן טאָג פון לעבן.
ווער עס האָט זי נישט געזען, דער האָט נישט געוואַכט
ביים טויער פון חדוה, וואָס איז דעם מענטש געגעבן:
יעדער לעבעדיקער בריאה, יעדן גרעזל ווען עס לאַכט.

ווען די זון באַגילדט מיט פרייד די ערד און אַלץ אויף איר:
ביימער שפּרייטן אוים זייער געצווייג מיט שמייכלדיקן חן,
און יעדעס בלעטל טוט זיך אָן זיין יום־טובדיקן ציר,
און שיקן זייער מונטערן געלאַך צו יעדן זעמדל, צו יעדן שטיין.

דאָס טויער פון שמחה אויפגעפּראַלט איז און אָפן,
און קיין שלעסער, קיין ריגלען זיינען דאָרט נישטאָ.
מוזט נאָר זיין גרייט — קאָנסט זוכה זיין יעדע, יעדע שעה.

און ווער ס'איז בלינד געוועזן, ווער עס איז אַנטלאָפן,
אין מדבר פון עצבותדיקן שטרויכל מיט אַ שטיין אין האַנט,
האָט די זכיה נישט גענומען אויף יענער זייט פון וואַנט.

# איך גלויב

(רבקהן — מיין שוועסטער)

איך גלויב, מיין שוועסטער, אין שטילן שטערן־געבעט
פון די אומענדלעכע ווייטקייטן פונעם רוים, וואָס וואַכט
איבער באַצויבערטע פאַרנאַכטן, פאַרזונקען גאַנץ שפּעט
אין דער סודותטיפער, פון גייסטער באַוואַנדלטע נאַכט.

איך גלויב, מיין שוועסטער, אין דעם סוד פון טרערן,
וואָס פאַרבאַרגט זיך אין פאַלנדיקן אָוונט־טוי
און פאַרהילט זיך אינעם צער פון ניי־געבוירן ווערן
פון אַ ציטערדיקן, פאַרבענקטן און געטרוימטן בלוי.

איך גלויב, מיין שוועסטער, אין חלומות, וואָס באַטייטן
פיל טיפע רעיונות פון מאָרגנדיקע טעג,
וואָס וועלן קומען ווי אַ מחנה שוואַלבן פליענדיק פון ווייטן
באַלאָדן מיט גאָלדיקן גליק אין בשורה־געיעג.

איך גלויב, מיין שוועסטער, אין בשורות וואָס קומען דורכן וועג
פון געפּערלטע טרערן אינעם שטילן נשמה־געבעט,
און לויערן אין מרה־שחורה פון האַרבסטיקע טעג,
מיט חלומות אין שווייגנדיקע אָוונטן שפּעט.

# אייביק איז די פרייד

אייביק ווי די זון — אייביק איז די פרייד:
זי פאַרגייט קיינמאָל נישט.
זי איז עכט ווי גאָלד, זי איז צאַרט ווי זייד:
ביידע זיינען דרין פאַרמישט.

אין פאַרבאָרגעניש פון אַלע זיבן הימלען,
אין טיפקייט פון דער ערד,
וואו נאָר די קלענסטע בריאה קאָן זיך ווימלען,
איז דאָרט פרייד באַשערט.

און אַ קול־דממה, האָט פרייד און אַ ניגון,
פאַרוועבט אין געזאַנג פון ווינט,
וואָס מיין מאַמע האָט געוואוסט מיך איינצואוויגן
ווען איך בין געווען אַ קינד.

שיינט די פרייד יעדן טאָג און באַהעלט ס׳געמיט
פון דער גאַנצער וועלט;
זינגט אַריין אין יעדנס האַרץ אַ גאָלדן ליד,
וואָס לייכט שטילערהייט און קוועלט.

איז זי אַריינגעדרונגען אין בלוט ביי מיר,
און געיובלט גאַנצע טעג,
ווי ס׳ברענגט אַריין אַ גוטע בשורה אין טיר,
מזל־ברכה אָן אַ ברעג.

זי איז אין דער זוניקייט פאַראַן, אין פונק
וואָס דו שלאָגסט אַרויס פון שטיין,
אפשר איז דער פונק אַ פינגער־ווייז, אַ וואונק
אַז פרייד קאָן נישט פאַרגיין?

כ׳פאַרמייד דערפאַר קליינע, האָפּערדיקע רייד
אָן חדוהדיק געפּראַל
פון אַ יום־טוב אינעם האַרצן, מיט פרייד
וואָס שטראָמט ווי אַ קוואַל.

אייביק ווי די זון — אייביק איז די פרייד;
זי שטאַרבט קיינמאָל, קיינמאָל נישט.
זי בלאַנקט ווי גאָלד און איז צאַרט ווי זייד:
ביידע זיינען דרין פאַרמישט.

# בענקעניש

ווער ס'האָט אַמאָל געליבט, וועט אייביק ליבן
טיף אין זיין געמיט;
ווי מען טראָגט אויף פּאַרמעט אויפגעשריבן
אַ נישט-דערזונגען ליד.

עס איז מיין לעבן האַרט און גרוי ווי שטיין —
נישט מזלדיק געווען.
האָט זיך איינגעצויבערט מיין בענקעניש, אַליין
אין אַלץ וואָס איז געשען.

מיין האָב-און-גוטס — אַלץ וואָס איז געווען מיין:
מיין גאַנץ, מיין גאַנץ פאַרמעג.
דאָס בענקעניש וואָס איז געלעגן אין מיין געביין,
אַלע נעכט און אַלע טעג.

און אַזוי האָב איך געליבט: אויסגעטרוימט מיין באַגער,
מיין הייליקן פאַרלאַנג,
וואָס האָט פאַרוועבט זיך מיט מיין יעדן וועגד-און-קער,
ווי אַ שוועבנדיק געזאַנג.

און ווען ס'איז געקומען ס'גליק וואָס געווען באַשערט,
האָב איך עס נישט דערקענט:
עס איז געווען פרעמד, דער צער וואָס צעשטערט,
און מיין חלום-פרייד — פאַרלענדט.

# מינוטן פאַרגייען אין רוישן

מינוטן פאַרגייען און רוישן,
געלעכטער פאַרהילכן דעם רוים;
מיט שמחה, געלאַדענע קוישן,
פאַרזינקען אין נאַכטלעכן תהום.

וואַנדלט לבנה ווי אַ שומר, —
אַ שומר אין חלל פון נאַכט;
לויערן, דורך צווייגן פון ביימער,
געשטאַלטן, פון שאָטן באַוואַכט.

און ס׳גיסט זיך זילבער פון לאָגלען
איבער טאָלן מיסטיש געשפּרייטע, —
ווינטן פאַרבלאָנדזשעטע וואַגלען
אויף וועגן פינצטערע, ווייטע.

ס׳האָט זיך די שמחה פאַרבאָרגן,
פאַרמישט מיט אויפשטייג פון טרוימען;
ס׳רייסט זיך פון ערגעץ דער מאָרגן,
ביים ברעג פון אייביקע צוימען.

מינוטן פאַרגייען אין רוישן,
געלעכטער פאַרהילכן דעם רוים;
מיט שמחה, געלאַדענע קוישן,
פאַרזינקען אין נאַכטלעכן תהום.

# ווען אויסגיין די ליבע

ווען אויסגיין די ליבע, ווען אויסגיין דאָס ליכט
און פאַלן אין אָפּגרונט ווי אַ שטייניק געוויכט,
געשליידערט פון גורל, באַנומען און בלינד,
ווי אַ באַלעם געוואָרפן פון אַ שטיפעריש קינד.

ווען טריפן ווי באַלזאַם די בענקשאַפט אַהין,
אין זון־פאַרגאַנגען, אין פרי־מאָרגנס־באַגין,
ערגעץ, וואו וועלטן לייזן זיך אויף;
ערגעץ, וואו הימלען גענענען צום סוף.

ווען לעשן זיך גלויבן, ווען לעשן זיך בליק,
וואָס דרינגט אין דער טיפקייט פון בלענדיקן גליק.
וואָס מיינט עס, ווען אַ שטערן קומט און פאַרשווינדט,
ווי אַ קלאַנג פון אַ האַרפע, ווי אַ לאַך פון אַ קינד?

און פאַרפאַלן וועלן דעמאָלט שטראַלן פון האָפן,
ווייל אָן ליבע, אָן בענקען איז מאַט און פאַרלאָפן
דער שפיגל פון שמחה, דער שפיגל פון טרייסט —
ווען פאַרקרומען דיין מינע, דיין געזיכט וואָס דו ווייזט.

— — — — — — — — — — — — — — — —

און אויפגיין ווען די ליבע אַ נייע, געלייטערט,
וואָס הייליקט באַגערן און וויזיע צעווייטערט.
אַ תפילה־זכה פון רחמים ווען פאַלן אויף דער וואָג,
און באַהעפטן די ווייטקייט מיט טרייסטנדיקן אָנזאָג.

# צו זינגען איר ליד

דער טאָג וועט אַ שטילער אין דעמער פאַרגיין
מיט פלאַמיקע אויגן, מיט גאָלדענעם שיין,
מיט פורפורנעם טראַכט.
די זון וועט אַנטרונען אין טיפעניש פון ים;
דאָרט איז איר מקלט, דאָרט איז איר שטאַם,
ביים אָנקום פון נאַכט.

האָט די זון זיך געבאָדן אין ימיקע קוואַלן
און אַ שטערן איז פּלוצעם פון הימל געפאַלן:
גוט איז פונקען פון ליכט
צו זען אפילו אין דער פינצטערער שעה.
עס איז גוט צו וויסן, אַז האָפענונג איז דאָ
אין פאַרנעפּלטער שיכט.

עס זאַמלט זיך חשכות אָן ענד און אָן סוף.
ס'איז די זון פאַרפאַלן אין אַ שטיינערנעם שלאָף;
פון שטראַלן שוין מיד.
האָט זי פאַרזוימט זיך אינעם ימיקן הויז,
זי וועט קומען פון דאָרטן געלייטערט אַרויס
צו זינגען איר ליד.

# די האַנט פון רחמים

וועט קומען אַ זונשטראַל פון אומענדלעכע ווייטן
דערלייזן די וועלט פונעם קאַלטן געפריר,
און צינדן די הימלען, ליכטיקייט שפּרייטן,
און אויפפראַלן וועט זיך פון חסד די טיר.

וועט קומען דער חסד אויף שטראַליקע פליגל, —
די הייליקע האַנט פון רחמים וועט קומען —
וועט עפענען דעם פאַרחתמעטן זיגל, —
און צערייסן די קייטן פון גזר־דין דעם שטומען.

וועט קומען פון מדת הרחמים דער טאָג
און טרייסטן געפּלאָגטע, פאַרוואָגלטע גייסטער;
און וועגן די ליידן אויף גנעדיקער וואָג
און זיי ציילן אויף אַ גאָלדענעם רייסטער.

וועט קומען דאָס וואַסער מיט גאָלדענעם עמער
פון טונקעלער טיף אין דער קילקייט פון ברונעם,
און שטילן דעם דורשט, ווי פון האָפענונג אַ זמר,
וואָס גלעט די יסורים מיט טויזנט ניגונים.

וועט קומען די ליבשאַפט — די שכינה פון לעבן
און טראָגן די קרוינען פון מענטשלעכן האָפן,
און גרייטן אַ שפע פון ברכות צו וועבן,
די פעדים פאַר מאָרגן צו שפינען די שטאָפן.

# איך בין איר ליבע נישט ווערט

זי ליבט מיך און איך בין איר ליבע נישט ווערט.
זי ליבט מיך מיט פייער, זי ליבט מיך מיט פלאַם,
ווי דאָס שעפּטשען פון ווינט, ווי דאָס זינגען פון ים. —
און איך האָב דעם פּליסטער פאַרשווייגן פאַרהערט.

איך בין איר ליבע, איר ליבע נישט ווערט. —
זי רופט מיך בייטאָג, זי רופט מיך ביינאַכט,
זי וואַנדלט אין שאָטן, זי וואַנדלט פאַרטראַכט,
מיט אויגן פאַרבענקטע אין מחשבות פאַרקלערט.

איך האָב געמאָסטן, געוואויגן ליבשאַפט מיט וואָג,
איז די וואָגשאָל געפאַלן גאַנץ אויף איר זייט:
געזוכט כ׳האָב דעם תכלית, דעם גרויסן באַטייט.

זי האָט דעם תכלית געוויזן מיט ליכטיקן זאָג;
דעם באַטייט געהאַלטן — אַ סוד אינעם שוים;
די ליבשאַפט געטראָגן ווי טוי אויף דער רויז.

# אַ קנעכט, אַ קיניג

פון פרימאָרגן, ווען מאָרגנשטערן גייט אויף — אַ קנעכט,
ביז צום זונפאַרגיין;
טראָג איך דעם יאָך פאַר טעגלעכן לוין, פאַר קנעכטישער רעכט —
טאָג־אויס טאָג־איין.

פרימאָרגן, אַן עבד־כנעני — פאַרשעמט און פאַרשפּאָט,
און אונטערטעניק,
און גרינגגעשעצט פון מענטשן און פאַרשאָלטן פון גאָט;
אין סוף־טאָג — אַ קיניג.

אַלעמאָל, אין בין־השמשות־צייט, ווען טאָג לעשט זיך אײַן
ביים מערב־ראַנד —
נעם איך מיר אָנטאָן מיין בגדי־מלכות, און דערשיין,
אין גאָלדן געוואַנד.

ווען טונקלעניש קומט צוגיין און טרעפט די קיניגלעכע קרוין,
וואָס בלאַנקט אָן סוף,
איז אָנגעברייט פאַר מיין נויט אין מיין אָרעמען געוואוין —
לייזט זי זיך אויף.

און אַ העלקייט שיינט פּלוצעם, ווי אין די ערשטע זיבן טעג
פונעם וועלט־באַשאַף, —
געמישט מיטן שימער פון בלוי, צו באַלייכטן מיין וועג,
ביז געשטוין און פאַרגאַף.

און פון דער נאַכט גייט אַרויס די יונגפרוי, די שכינה —
און זינגט איר נייַ געזאַנג
פון אַ בלויער מגילה. — גיט מיר חסד, גיט מיר אמונה, —
אַ גנעדיק געשאַנק.

זי רופט מיך צו די הויכקייטן, צום צויבער בערג־אַרויף;
דאָרט אַנטפּלעקט זיך די נאַכט
אין איר צויבער־געשפּרייט, פונעם צעפּראַלטן אין־סוף,
וואו לבנה וואַכט.

פון פרימאָרגן, ווען מאָרגנשטערן גייט אויף, — אַ קנעכט,
ביז די זון גייט אוים.
אָבער אין בין־השמשות, און אין די שטילע נעכט, —
טראָג איך ליד אינעם שוים.



# אינעם צויבער־נעץ

איז די ליבשאַפט געקומען, מיט חסד געבענטשט
אויף גנעדיקע פליגל צו שוועבן, —
ווי אַ פלאַטערדיק ליכטיקע בין
אַנגעלאָדנט מיט גאָלדענעם האָניק.

האָט זיך ליבשאַפט געטובלט אינעם בראשית פון טאָג;
פאַרוועבט זיך אינעם אָנפלי פון זוניקע שטראַלן,
פון דער זומערדיקער פרימאָרגן־שעה,
און האָט אויסטערליש צעשפיגלט די זוניקייט
מיטן ליכט פון אש־להבהדיקע אויגן גליאיקע;
ווי די אויגן פונעם תנא, רבי אליעזר, ווען ער האָט
זיך אומגעקערט פון דער באַהעלטעניש־הייל, —
בלויז אויף אַ וויל.

איך בין דעמאָלט געווען נאָך גאָרנישט באַרייט:
ס'האָבן אין דער טיפעניש פלאַמען געשטרייט,
ווי דער לאַווע־גלוט אין פאַרבאָרגענישן,
ערגעץ אינעם שוים פון ערדישע שיכטן,
איידער זיי ווערן וואולקאַניש נתגלה.

אַזוי אין ערב־התגלות האָבן בענקעניש־פּעדים,
מיך איינגעשטריקט אינעם צויבער־נעץ,
וואָס פלאָנטערט זיך צווישן וועגן בלאָנדזשענדיקע,
אין וואַלד־אורשפּרונג פון ליבע.

ס׳ציען מיך אויגן לאַקענדיקע אינעם היכל פון פּאַרפיר:
צוויי ליכטער אין פינצטערער אַליינקייט,
און איר שמייכל העלט מיר ווי אַ וויזיע טאָג און נאַכט
פאַר די אויגן — טאָג און נאַכט.

אָבער אלאבאסטער־הענט — צאַרט ווי זייד,
האַלטן מיך ווייט, — נאָענט און ווייט:
אַ רעטעניש פון נאָענטקייט און פון מרחקים.



# דמיונות

זונליכט פונעם וואָלקן פאַרשטעלט,
ווייבלעכע שיינקייט באַטריבטע.
וואָס פאַר אַ זין האָט די וועלט
אָן בליקן ליכטיק געליבטע?

מיר ווערן באַרוישט פונעם בלענד
אינעם בלינדן געלויף פון צייט:
עס טרעפט, אַז די ליבשאַפט פאַרברענט
די אויגן וואָס זוכן באַשייד.

עס גייט דאָס לעבן זייַן וועג זיך
און גזלט אַוועק דיר די טעג;
פון הינטן יאָגט עמעצער גיך,
און פאַרלויפט דיר גריילעך דעם וועג.

מיר גלוסטן, מיר לעכצן — דמיונות:
עס איז ווי אַ וויזיע דער היינט,
און אַלץ וואָס דו זעסט אין חלומות, —
איז ווייט ווי אַ שטערן וואָס שיינט.

# אַ פֿאַרלאַנג

ס׳טראָגט זיך פֿאַרצויבערט אַ פֿאַרלאַנג,
ערגעץ פֿון די טיפֿענישן ווייט,
מיט אַ פֿיל־געמיינטן באַטייט, —
ווי אַ גאָלד־געליטערטער קלאַנג.

ס׳לעבט אַ האָפֿענונג פֿאַרבאָרגן,
אינעם האַרץ פֿון פֿלאַנצן און זאַמען,
ווי דאָס שחרית־בענקען אָן אַ נאָמען,
אינעם גילדערנעם ציטער פֿון פֿרימאָרגן.

און איך ווייס נישט, וואָס ס׳זאָל באַטייטן:
דער אויפֿגאַנג פֿון מאָרגנשטערן
בליקט היינט מיט צוזאָג פֿון דערווייטן.

פֿליגלען פֿון בענקשאַפֿט באַגלייטן
די פֿרייד אויפֿן שוועל פֿון באַגערן,
וואָס גליען זיך אין שוים פֿון צייטן.

# די גאָלדענע פּאַווע

וואו ביסטו, גאָלדענע פּאַווע, געזעענע אין טרוים
פון אויגן פאַרבענקטע, טריבע?
וואו ביסטו, שוועבנדיקע אין ווייטן, פרעמדן רוים?
וואו ביסטו, דו טרייע, דו ליבע?

אַמאָל איז געווען אַ קיניג: אַמאָל האָט געצויבערט
אַ שלאָס פון קאַרפונקל, ווייט, ווייט.
הונדערט זונען האָבן גאָלדיק אינעם פּראַכט געשימערט
און ימען ליכט געשפּרייט.

איך האָב דעמאָלט, זוכנדיק, געבלאָנדזשעט אין גאָר דער וועלט
און געזען, אַ בלענדנדיקע שוועבן
דיך איבער פעלדזן־בערג, דאָרטן הויך, וואו דער אָדלער צעלט.
בין איך דען צו שוואַך צו זיין דערהויבן?

אַמאָל איז געווען אַ קיניג, אַ בענקשאַפט־רייכער קיניג
מיט אַ שפע פון פאַרלאַנגען,
און מיט רויזן־דופט באַגערן, שטראַלנדיק און זוניק,
געווען — אין חלום־סוד געפאַנגען.

אין חלום־סוד געפאַנגען, געוואַנדערט האָט אַ יונגער קיניג,
תמיד טאָג און נאַכט, טאָג און נאַכט
און האָט געזוכט אַ גאָלדענע, שוועבנדיקע פּאַווע, שטענדיק —
שטענדיק, פלעגט ער זיין פאַרטראַכט.

# אַ פליענדיקער טורעם

דער בין־השמשות הייבט זיך אויף צו הימלען —
הימלען פאַרזונקען, אין פלאַמען גאַנץ פאַרצערט.
ווי ביי יעקבס לייטער מלאכים טוען זיך זאַמלען —
שטייגן הויך און נידערן אַראָפּ צו אונדזער ערד.

מאָלט מערב בילדער אויף כישופדיקע ראַנדן.
זיין האַנט פאַרשפּרייט אַלע רעגנבויגן־פאַרבן
אויף פּורפּורדיקע און אויף בלוי־זיידענע געוואַנדן,
און שמעלצט צוזאַמען גאָלד מיט קופּער קאַרבן.

דער בין־השמשות שפּאַנט אויף זילבערדיקע לאַמען,
און ער צויבערט שוואַרצקונץ: זיידנצייג פון גאַרניט;
פּאַסט אַריין בילד נאָך בילד אין שווימענדיקע ראַמען
און שטעלט זיי אויס — אַנטפּלעקט זיי און שווימט מיט.

עס איז מיין געמיט אַ פליענדיקער טורעם:
שוועבט צעצונדן הויך אין דמיונותדיקער ווייט,
און פאַרברענט ווי שטרוי דעם כישוף פון יסורים,
אין געראַנגל פון טאָג־און־נאַכט פאַרבייט.

# איך האָב געבענקט נאָך ליבשאַפט

איך האָב לאַנג געבענקט נאָך ליבשאַפט
און האָב זי נישט באַגעגנט, —
נישט אינעם ליכט פון זונשיין
און נישט ווען ס׳האָט גערעגנט.

און ס׳איז רעגנעריש געווען,
אויף שטרויכלפולן דערנער־וועג;
איך האָב געבלאָנדזשעט דעמאָלט,
ווי אין אַ צויבער־וואַלד אָן ברעג.

און ס׳איז רעגנעריש געווען
אין פאַרכמורעט טריבער שעה,
און געטרייסט האָט מיך די האָפענונג,
אַז ערגעץ ווייט איז ליבע דאָ.

איך בין נאָך יונג געווען —
דער ערב פון מיין לעבן;
בין נאָך ריין געווען פון זינד
און אָנגעהויכט מיט שטרעבן.

און צווישן ברויט־געראַנגל,
אין אַ היים אַ פרומע, —
כ׳האָב אַנטפּלעקט דעם ליבע סוד,
אין ספרים אַלטע, שטומע.

אין מיין יוגנטלעכער וויזיע,
געווען ליבע — אַ פלאַטער־בילד;
ווי דער גייסט, דער ביבלישער —
געשוועבט איבער וואַסער־ווילד.

געווען גרייט צו ליבן דעמאָלט,
ווי מען דינט אַ געץ, אַ גאָט;
איך וואָלט הייליק דאַן געקניט
און געקושט איעדן טראָט.

איז ליבע אַמאָל דערשינען,
אויף יענער זייט פון וואַנט, —
איך האָב זי נישט באַנומען,
אין פרעמדער שפּראַך פון לאַנד...

כ׳האָב בלויז געהערט איר שטימע,
ווי אַ שירה אין פרימאָרגן.
חלום האָט אַרומגעשפּינען,
מיין היימיש נעסט פון זאָרגן.

זי האָט אויפגעלויכטן פלוצעם,
אַזוי ווי אַ בליץ פאַר די אויגן,
און באַלד פאַרשוואונדן איז זי,
שנעל ווי אַ פייל פון בויגן.

צוויי אויגן — טרויבן רייפע, —
זייער רוף איז שיכרות־וויין;
כ׳האָב קיינמאָל נישט געלערנט,
דעם באַנעם פון שיכור זיין.

אויף איר פּנים שוועבט אַ שמייכל, —
אָן עצבֿות — אין מיין געמיט.
בלויז דער בליק האָט אונדז באַרירט,
ווי אַ האָפענונג, ווי אַ ליד.

זי האָט אויסגעשטראַלט מיר פרייד,
און גענומען, אפשר — אומעט,
און אַ האַנט האָט אונדז צעשיידט,
פאַר אייביקייט, פאַר תמיד.



# אויף בלויע פליגלען

פאַרוואָס האָט די ליבשאַפט באַגילדט פונעם לעבן דעם ברעג
און נישט דערלאַנגט צו דער הויכקייט פון די בערג?
אין געראויש און ליאַרעם פון טומלדיקע געמערק,
פאַרפאַלן די שענסטע גאָלדן, דער טייערסטער פאַרמעג.

פאַרוואָס איז דער צוזאָג געקומען ווי אַ בשורה פון גליק,
וואָס האָט שטיל געמאַניעט דאָס פאַרצויבערטע געזאַנג?
עס זיינען די בענקענישן — זיין עכאָ, זיין נאָכקלאַנג
ערגעץ פאַרפלויגן, ווי אַ בלויער פויגל פאַרשווינדט פון בליק.

די ביימער האָבן תפילה געטאָן, די בלעטער — געדאַוונט שטיל,
און איך בין צום יום־טוב פאַרטיק און גרייט געשטאַנען:
טורעם־געזאַנג פון יונג־פרויען האָבן מיך געפאַנגען.

מיין געמיט תמיד געלעכצט האָט טאָג נאָך טאָג, אַזוי פיל,
אַז מיין אויסדערוויילטע אויף בלויע פליגלען זאָל דערשיינען
מיט ליבשאַפט אויסגעהאָפטע אין מיין נעסט צו וואוינען.

# באַרג־אַראָפּ

און ס׳וועקט זיך די ליבשאַפט און וויל נישט אַנטשלאָפן:
דרימלט בלויז רגעווייז און נעמט ווידער האָפן.
ווייל שלאָפן איז גלייכן צו ווינטערדיקער ערד,
וואָס פאַרפאַלט אין געפריר; ס׳איז איר באַשערט
צו זען ווי תבואה גייט אויף.

און ס׳טרעפט זיך אַמאָל, זי וואַכט אויף באַנייט,
און זוכט זיך איר האַרפע פאַר לידער-באַגלייט,
און געפינט זי פאַרוואַרלאָזט, צעבראָכן אויף שטיקער,
ערגעץ אין אַ קרעטשמע אין דער האַנט פון אַ שכור;
שיכרות איז לעסטער — נישט שלאָף.

גייט זי אין דער ווייטקייט צו ימיקע ברעגן,
וואו ס׳געפינט זיך דער הפקר אין פלאָנטער פון וועגן,
און זוכט אין די טויערן אַ שמייכל ביי מענטשן,
געלייטערט פון חסד, צו קאָנען אים בענטשן
און אָנטאָן קרוינען דערויף.

פאַרבלאָנדזשעט די ליבשאַפט וואו ס׳שיידן זיך גאַסן,
אין געדראַנג פון די פעלקער, אין געשטופּ פון די מאַסן,
און זינגט דאָרט די לידער מיט צעבראָכענער פידל.
מישט זיך הייליק געזאַנג מיט גאַסיקן זידל,
וואָס אַלץ זוכט ער צום קויף.

זי וואַנדערט אין מדבר אַליין און פאַרלאָזן.
שטורמיקע ווינטן דראָען מיט אומקום און בלאָזן
די שטויבן צו הימלישע הויכן: ס'פאַלט צו די נאַכט
אין חושך־מצרים, — ווי ס'וואַלט גאָר קיין אויסגאַנג געוואַכט,
וואָס פירט צום גליקלעכן סוף.

קומט זי, די ליבשאַפט, צו אָרעמע היימען,
איר פידל צו היילן, איר האַרפע צו ליימען;
צו שטימען די טענער וואָס קלינגען און בענטשן,
און זינגען גאָר לויטער, צו באַגלייטן די מענטשן,
וואָס שפּרייזן באַרג־אַרויף.



# געבענטשט זאָל זײַן

געבענטשט איז דער, וואָס טראָגט בכורים פולע הענט
איבער טראַקטן לײַדיקע באַרג־אַרויף דעם וועג,
און כאָטש דער מדבר וואַרפֿט אָן מורא פֿאַר פֿאַרלענד,
טראָגט די ברודער־האַנט דערקוויק צו זיכערן ברעג.
צו זיכערן ברעג.

געבענטשט זאָל זײַן דאָס אויג, וואָס זעט ווײַטער פֿון איצט, —
דרינגט דורך דעם מרחק און ווינקט אים צוריק;
און פֿלאַטערט צום אין־סוף, פֿון אָנהויב ביז לעצט.
ווער ס'קאָן זען די ווײַטקייט מיט אָדלערישן בליק,
מיט אָדלערישן בליק.

געבענטשט זאָל זײַן דאָס מויל, וואָס רופֿט צו תּפֿילה
צו געטער און כּוחות נישט געזעענע אויסגעבענקטע,
און זינגט אוים די שירה פֿון חסד און גאולה:
צו דערעפֿענען טויערן פֿון האָפֿענונג פֿאַרענגטע. —
האָפֿענונג פֿאַרענגטע.

געבענטשט זאָל זײַן דאָס האַרץ, וואָס האָט ליבע פֿאַר יעדן מענטש:
שליסט אויף טויערן פֿון ברכה פֿון ברודער צו ברודער,
און צעריגלט די ענגשאַפֿט פֿון לעבן מיט געבענטש,
וואָס גיסט זיך ווי היילנדיקער ווײַן אין יעדן אָדער. —
אין יעדן אָדער.

געבענטשט איז דער, וואָס שטרעקט אוים פֿון הילף אַ האַנט,
און זוכט צו ברענגען פֿאַר די וואָס לעכצן — דערלייז,
און רופֿט שוץ און באַשירעמט פֿאַר וואָגלער פֿון לאַנד צו לאַנד,
זוכנדיק צו ברענגען דיר אַ הייל און דער וועלט — אַ באַווייז.
דער וועלט — אַ באַווייז.

# מיין גאָלדן פאַרמעג

איך האָב ערגעץ אַן אוצר באַהאַלטן
אין דער שטילער נאַכטלעכער רו;
אין די בערג צווישן פעלדזיקע שפּאַלטן —
איך ווייס נישט, איך ווייס נישט מער וואו.

איז געפלויגן אַ פּאַווע מיט גאָלדענע פליגל. —
האָסטו מיין אוצר געפונען? —
„איך האָב אים געזען אינעם גלאַנץ פונעם שפּיגל:
האָסט אים אין חלום פאַרשפּונען".

כ'האָב אַ פּאַווע געזען אין זוניקע טעג,
דאָרט פליענדיק ווייט אין דער הויך;
זי פלאַטערט פאַרביי, זי שוועבט זיך אַוועק,
און פאַרשווינדט ערגעץ ווי אַ רויך.

האָט מיך געצויבערט אַ מיידל מיט האָר ווי גאָלד. —
צי האָט זי פאַרכישופט מיין וועג?
זי האָט מיך פאַרבלענדט און איך האָב זי אויך האלד. —
צי איז עס מיין גאָלדן פאַרמעג?

ס'איז אַ מיידל געווען פון נעכטיקן טאָג,
מיט אויסזען ווי פון אַ געמאָל.
זי וועגט מיך און וועגט מיך מיט גאָלדענער וואָג,
און מעסט מיך מיט גאָלדענער שאָל.

אַן אוצר פון גינגאָלד ביי דעם זון־פאַרגאַנג,
גיסט זיך אויס הפקר פאַר אַלע. —
אָ, דאָרטן, אַוודאי, מיין געזוכטער פאַרלאַנג,
איז זיך אין שפע נתגלה.

# גלויבן איז אַ הילף

(מלכן — אַ דערמאָנונג)

מ׳זאָגט, אַז גלויבן איז אַ הילף, און איך האָב געטראַכט
אַ לעבן-לאַנג, אַז שטראַלן-זון וועלן עס אויספּילן;
וועלן זוכעניש — האָפענונג געבן; וועלן גאַרונג שטילן, —
אָבער גלויבן האָט טיף אין מיין געביין געוואַכט.

איך האָב אויף יענער זייט, אויף יענעם אַלטן ברעג,
מיין פאָטער אַ היים-דאַוונענדיקן דאָרט געלאָזן,
ס׳פלעגט זיין פייער ברענען דעם צווייט, די יונגע גראָזן . . .
קיין גרינעם צווייג נישט באַפרוכטפערט אויף מיין וועג.

ער האָט מיט שטרענגע חסד-אויגן אויף שריט און טריט,
מיך געפאָרשט און זיין ליבשאַפט פאַרבאָרגן. —
ער דרינגט אַדורך אינעם היינט דעם ווייטן מאָרגן.
פאַר מיר — אַ רעטעניש נישט דערקלערט אין געמיט.

אפילו זיינע זכיות האָב איך נישט גענומען;
פון אבות די ירושה זיינע, פון דור-דורות:
איך האָב נאָר איינגעזאַפּט אין זיך זיינע תורות,
אָבער זיין טרייסט, זיין שלוה נישט באַנומען.

ווען חשבון הנפש מיט וואַגשאַל געוואויגן:
צו זיכערע געצעלטן דערגיין נישט באַוויזן. —
איך בין פיל צו ווייט געגאַנגען און געלאָזן
הינטער זיך אַזוי פיל אויסגעבענקטע אויגן.

מיין פאַטערס תפילות — נישט באַוויליקט געוואָרן.
אַזוי היים־געדאַוונטע מיט תהילים־געזאַנג:
אויף אַלע זיבן ווינטן צעפלויגן שוין לאַנג,
אין די טעג פון פאַרלענד, אין די טעג פון צאָרן.

און איך? — אַן איינזאַמער זאַנג נאָכן תבואה־שניט,
מיט אַ בינטל זכרונות אויפן אַקסל, פאַרוואָגלט,
ווען עס בושעוועט אַ הוראַגאַן און ווען עס האַגלט,
מיט גלויבן אַ כזית אין פאַרוואונדעטן געמיט.

איצט צו שפּעט: דער הארבסט האָט זיין גאָלד פאַרלוירן
ערגעץ אין ווילד־פּרעמדע, קאַלטע פליינען. —
שטרענג גרייט דער ווינטער זיך; ער וועט נישט שוינען
די וואָס וואַגלען איינזאַמע אויף יענערזייט טויערן.

# למנצח בנגינות

און אמאָל וועט קומען אַ גאָלדענע צייט —
ס׳וועט דערשיינען אַ זינגער פון ערגעץ ווייט:
מיט בענקעניש פול, מיט אמונה ווי אַ ייד;
מיט אויגן וואָס טראָגן דעם מאָרגן ווי אַ ליד:
למנצח בנגינות.

צי איז ער משיח, צי ברענגט ער אַ בשורה?
און אפשר אויפריכטונג — פון גייסט די גבורה? —
ס׳דערנענטערן זיך פאַקלען און צינדן זיך אָן,
און עס רעגן זיך סטרונעס: אָן אָפּקלאַנג, אַ טאָן —
למנצח בנגינות.

עס וואָגלען וואַנדערער פרעמד און פאַרשטויסן
אָן אויסוועג, אָן תכלית אינעם ווילדן דרויסן.
צעפּראָלן זיך שטורעמס, גרויל צו פאַרוויגן.
אין געמיט זיך פּלאָנטערט פון תהלים אַ ניגון:
למנצח בנגינות.

מיט אומרו דערוואַרטונג וויל יובלען דעם טאָג שוין,
ווען ס׳וועט קרבן אָנטאָן פון נצחון די קרוין,
און שטייגן אַרויפצו פון גאַסיקן שטויב,
און מיט פרייידיקע טרערן שעפּטשען אַ לויב:
למנצח בנגינות.

זיך העליש צעצונדן אין אַ שרפה די וועלט.
ערגעץ זיצט אַ מכשפה און שעלט אונדז און שעלט.
עס גענענט דער עלנט, דער טראַקט איז שוין אָפן.
אָפן דער אָפּגרונט; ממעמקים — אַ האָפן:
למנצח בנגינות.

עס צעפלאַקערן זיך זונען אינמיטן פון טאָג,
עמעצער וועגט זיי, ער וועגט זיי מיט וואָג. —
וועג-זשע דאָרטן איינע פאַר אונדזערטוועגן אויך,
פאַר אונדז זאָל זי שיינען, לייכטן אין דער הויך. —
למנצח בנגינות.

אַמאָל וועט אויפגיין אַ געזאַנג פון געזאַנגען.
אַ שירה פון דערפילונג מיט מעכטיקע קלאַנגען:
מיט פידל און האַרפע, מיט טויזנטער פריידן;
וועט פליסן ווי באַלזאַם, וועט היילן די ליידן —
למנצח בנגינות.



# עס לעבט אַ האָפענונג

עס לעבט אַ האָפענונג אפילו אין שעהן פון צער:
אַ זונשטראַל קאָן זיין אַמאָל אַ צייכן פון גליק;
אַ דמיון איז אין אַלע צייטן אַ פּאַפּירענע בריק,
וואו מענטש אין נויט געפינען וויל אַן אָנשפּאַר.

עס איז דער סוד פון לעבצן, דער סוד פון האָפן
איינגעפלאַנצט אין יעדער באַשעפעניש — דער סוד פון באַגערן.
אפילו אין הארץ פון עמבריא וואָס איז נאָך אינעם ווערן:
חשק נאָך נישט געבוירענער אינעם לייב פון שטאָפן.

עס צויבערט דער צוויט פאַרן אויפקום פון פרוכטן.
דאָס קערנדל — אַנגעברייט צו ווערן פאַרוואַנדלט אַמאָל,
גאַרט שוין צום מאָרגן: צו קומען און ברעכן די שאָל.

דער צער איז די מאַמע: געבערט די האָפענונג פון נעכטן;
וואַרעמט אוים די וואַרטעונישן פון היינט און פון אַלע צייטן.
און ברענגט זיי אויף מיט זאָרג און לערנט זיי ליבשאַפט באַגלייטן.

# שיר השירים

שיר — אַ געזאַנג, השירים — פון אַלע געזאַנגען:
מיר זיינען זאַלבענאַנד געווען געפאַנגען
אין שטראַליקע נעצן געשפּרייטע:
פאַרצוויבערטע פעדים פון מיסטישע צייטן,
פון וועלטן פאַרבאָרגענע אינעם חלל אין ווייטן,
מיט קרוינען גאָלדיק געגרייטע.

מיין שולמית — אַ יידיש אַרבעטער־מיידל,
געווען איז ליכטיק, זוניק און איידל,
ווי די זון אין פרילינג־צייט,
וואָס שיקט מילד־געצערטלט און חנעוודיק־ניי
אויף ערשט־געבוירענע בלעטלעך — שטראַלן געטריי,
מיט בליקן פון ליבשאַפט באַגלייט.

ס'האָט געטראָגן די לופט אַ בשורה פון ווערן,
און געוואַרט האָבן פעלדער אין טיפן באַגערן
און בוימער מיט בליאונג באַצירט,
האָבן לעכצנדיק מיט צווייגישע אָרעמס
געהאַלדזט זיך און געשטיגן ווי טורעמס,
אין בענקשאַפט און לוסט פאַרפירט.

לידער פון גאָלד מיט מעטאַלענע קלאַנגען
האָבן מיך איצטער אין פרילינג געפאַנגען;
מיין מיידל מיט מיר זינגט מיט.
אַ גבורה פון העלדן קרייזט מיר אין בלוטן,
ס'הילכט אָפּ מיין שטים אין דערהויבונג־מינוטן. —
עס פרייט זיך די וועלט מיט מיין ליד.

שיר — אַ געזאַנג, השירים — פון אַלע געזאַנגען;
מיין מיידל, זי איז מיר אַנטקעגן געגאַנגען.
דאָס גייען מיר פון דער אַרבעט צוריק:
איך — אַ צעזונגענער מיט לידער פון פרייד,
גיי מוטיק אַנטקעגן דעם גאָלד פון דער צייט. —
עס זינגט מיר פון ווייטן איר בליק.



# צום ים

איך קום צו דיר ים, צו באַוואונדערן דיין גבורה,
וואָס שפּרייט זיך ווי אַ געטלעכער ריז פון איין ענד וועלט,
צום אַנדערן און נעמט אַריין אין זיך צפונדיקע קעלט,
פון ספערן אייזיקע, מיט היץ פון עקוואַטאָרדיקער שורה.

איך וויל לערנען כוח, וויל לערנען שליטה ביי דיר,
דו אַלמעכטיקער־וואַסערדיקער ריז פון אַלע ריזן;
היינט האָסטו מאַיעסטעטישע געדולד און שלוה באַוויזן,
און מאָרגן איז רוגזה און שטורעם פאַר דיין טיר.

איך וויל לערנען דיין אומרו — וויל לערנען דיין רו.
איבער נעצן פון פחד ציט מיך דיין אָרעם. —
איך, דער עפּר־ואפר, האָב אַ טייל פון דיין שטורעם.

ווייל אַלע ברעגן זיינען דיינע קינדער — די וועלט ביסטו.
דיין גוף — פון מזרח ביז מערב, צפון ביז דרום. —
לערן מיך, לערן מיך בויען צום הימל דעם טורעם.

# די ווינטמיל

אויפן בערגל ביים טייך שטייט זיך אַ ווינטמיל,
די פליגלען שפּילן אָן־אויפהער אַזאַ קינדער־שפּיל:
רינגלען און קרייזן אַנטקעגן דעם גאָלדענעם ליכט,
צעשיקט פונעם זוניק־צעשטראַלטן געזיכט. —
אַזוי, שפּילט זיך די ווינטמיל.

טיילמאָל דאַכט זיך, ס'איז קיין ווינטמיל נישט:
ס'האָבן ריזן־פייגל די פליגלען צעמישט
און איינגעפלאָנטערט ווי פאַרליבטע הענט,
וואָס האַלדזן זיך פאַרשיכורט אָן־ענד,
אינעם קרייז פון ווינטמיל.

און אונטן, אינעם טייך, איז אַ ווינטמיל אויך,
וואָס יאָגט אַנטקעגן־שטראָם מיטן גאַנצן כוח,
ווי אַ קרומער־שפּיגל וואָס חזרט אַלץ איבער:
שפּיגלט מיט חוזק — פאַרשטעלט פאַר אַ גיבור —
דאָס געדריי פון ווינטמיל.

אינמיטן־טאָג פינקלט די ווינטמיל מיט גאָלד
צעצונדן אין שפע פון דער זון, ווי זי וואָלט
געוואָלט ליכט־באַפליגלען דעם גרינעם אָרום,
אונטן, אינעם טאָל, וואָס בליקט אייביק־שטום
אַרויף צו דער ווינטמיל.

אין דער אָוונט־שעה, ווען עס הערשט אַן אומעט,
איבער בלעטער פוןביימער, און ווי תמיד
סוף־טאָג, טוען אָן אַ טונקל קלייד די פליגלען,
און הענגען זיך אין דער וועלט אַריין ווי איגלען
אַרום ראָד פון ווינטמיל.

שפּעטער קומט די נאַכט — אַלץ שלאָפט איין:
די ווינטמיל אָבער, בלייבט קיינמאָל נישט שטיין,
ביז די גאַנצע תבואה איז שוין צעמאָלן,
די פּויערים צעפאָרן זיך איבער די טאָלן,
אַוועק פון דער ווינטמיל.



# אָ, נעם מיך מיט

קומט אָן דער ים פונעם ווייטן וועג
און ברענגט דאָס שקיעה-גאָלד מיט זיך,
און רייסט זיך מיט טויזנטער כוואַליעס,
ווי מיט שוימיקע הענט צום ברעג.

קומען צולויפן סטאַדעס ווייסינקע שעפּסעלעך,
און טוליען זיך אַנאַנדער אין ברויזיקן שוים;
עס טרייבט זיי אַ פאַרבאָרגענער פּאַסטעך
פונעם ימישן תהום.

צעשפּיגלט זיך הימל מיט שפּיגלען פון גאָלד,
און ים שפּיגלט צוריק,
און שפּרייט זיך אויס
מיט בלויען אַטלאַסדיקן בליק,
דורך גרינלעכע פאַרהענגלעך,
וואָס ציען זיך אַריין אינעם קופּער-געוועב,
מיט טולענעם שלעפּ.

קומט פּאַסטעך פון פאַרבאָרגעניש אַרויס
און שיפּלט זיך אויפן שימערדיקן פלאַך,
ערגעץ צו אַ ימיקן שליאַך,

דאָרטן אין ווייטקייטן פאַרקופּערטע,
מיט גינגאָלד באַזוימטע,
אין אָונטן פאַרטרוימטע.

וואו גייסטו פאַסטעך רוישיקער,
פון שעפּסעלעך פאַרלאָזענע,
ביי פרעמדן אומהיימלעכן ברעג? —
ווילסטו ברענגען דערלייז זייערעטוועגן?
וואו איז דיין אויסדערוויילטע היים? —
נעם מיך מיט, אָ, נעם מיך מיט!



# פאַר־פרילינג

צאַרט־שניידיקע ווינטעלעך יאָגן קאַפּריזנע
אַנטקעגן די ניי־אָנגעקומענע, גרין־גראָטעסקע אורחים.
ניי־געבוירענע אויסגעהאָפּטע טרייסט,
שטייט אַזוי יונגעטשקע אומדרייסט,
ווי די שעמעוודיקע פריש געקומענע פּליטים
פון יענערזייט וועלט;
פון יענערזייט ים.

קומט פלוצלינג אַ פריש שנייעלע אָנגעפלויגן —
פאַרשנייט יונגעטשקע אויגן.
צעטומלט און פאַרדעקט זיי מיט פעדער־דעק
איבער גרינע קעפּ,
און זאָגט ברוגזלעך אַזוי־צו־זאָגן:
„וואָס ווילט איר, איר פרעמדע געשטאַלטן,
אין אונדזער קאַלטן,
שנייאיקן מלכות־ווינטער?"

קומט אַ זון־שטראַל און גיט אַ שמייכל,
ווי פון אַ ליכטיקן היכל,
גנבעט זיך אַרויס אַ גרין אויגעלע
פון שנייאיקער זילבער־פלאַכטע.
פרואווט זיך: אַ בליק און נאָך אַ בליק,
אַ רחמים־בליק צו דער זון.

ענטפערט זון מיט מאַמעשן חסד.
ווערן בלעטלעך דרייסטער ווי קינדער,
וואָס פאַרגעסן באַלד מאַמעס שטראָף־רייד,
און ס'ווערט אַזוי מונטער,
להכעים דעם ווינטער.

דערנאָך ווידער אַמאָל צעוויגן זיך,
אויף גיך,
אַ כאַפּטע ווינטער־רעשטלעך:
נעמען ווידער יאָגן, הו־האַ, הו־האַ!
דאָרט אַריבער אויפן וועג צום ים.

און פון פאַרבאָרגעניש, דאָס מאָל,
שפּרינגען אַרויס קינדיש־האָפּערדיק
מיט שפע און גליק,
גרופּקעלעך גרינוואַרג. —
מער און מער, צעוואַקסן זיך פלינק,
ווי אין די ערשטע טעג פון באַשאַף,
ווי דורך אַ געהיימען וואונק.
אומעטום, אומעטום,
קומען זיי אויף: בלעטלעך און בלום,
מיט יוגנטלעכן חן,
מיט פולער ברכה פון זוניקן שיין.

# בראשית־פרימאָרגן

בראשית־פרימאָרגן, איידער די זון גייט אויף,
שווימט אַ שיף אינעם ימיקן אין־סוף,
ס׳בלענדט אַ קופערנער שיין:
ס׳טראָגט אונדז אַ בשורה די קופערנע שיף,
פון שחריתדיק ליכט, פון קינדישן שטיף,
פון ניי־געבוירן זיין.

און ס׳דאַכט זיך לבנה אין האַלבער געשטאַלט,
וואָלט זיך געהויבן פון וואַסער געוואַלט
אין רויטלעך געוואַנט:
די זעגלען־הענט געהויבן אין דער הויך
צום געצונדענעם הימל, צום בלויקן תוך,
מיט תפילה געשפּאַנט.

ס׳שוועבט אין דער לופטן דער ערב־באַגין,
די נשמה פון אויפקום געלייטערט און דין,
מיט בענקשאַפט געהילט.
ציטערט אינעם חלל די ברכה וואָס גערט,
און שפּינט זיך אין אָנפלי פון וואָלקן, וואָס ווערט
אינעם מזרח פאַרגילט.

עפנט זיך לאנגזאם די פארהאנג פון טאג,
ווי דורך א לחש — דורך א געהיימען זאג;
ס'ווייזט זיך הימלישער שליאך.
עס שמייכלען יונגינקע שטראלן מיט גליק,
און באגעגענען דעם ימס גאלדענעם בליק
אויף שטאלענעם פלאך.

און ס'מישט זיך דאס גאלד מיט קופער) געשפרייט.
פורפורנע פליגלען עס שוועבן שוין גרייט
פון ריזיקער גרוים.
דער קיניג פון וואונדער: דער טאג קומט אן,
מיט ליכטיקן סצעפטער, מיט זוניקער פאן,
אויפן הימלישן שוים.

פארוואנדלט זיך קופערנע שיף אין גינגאלד.
שמאראגדן שימערן ליכטיק און האלד,
מיט יונג-כלהשן חן.
ס'הערן זיך פייגעלעך מיט שירה געזאנג;
ס'טראגט זיך דער עכא פון וואסער-געדראנג
אין מרחקים אריין.

# נאַכט בײַם ירדן

שוואַרצאָוויגיקער הימל שפּריצט מיט קופּערנע פונקען —
שפּילט ברוגז מיט דער נאַכט.
די לבנה קומט מיט פּנים פון ווײַסן פּאַרצעלאַן,
זיי אַנטקעגן און לאַכט.

זי וואַגלט אויף דעכער, וואַנדלט אויף די בערג,
שפּיגלט זיך אין פענצטער;
שפּילט מיט שלאַנקע ריזן: פּאַלמען-ביימער, —
נאַכטלעכע געשפּענצטער.

האָט די לבנה אין ירדן זיך געוואָרפן,
און לאַכנדיק פאַרזונקען.
די גרייז-גרויע, אַלטע כּישוף-מאַכערין
שווימט אַרום דערטרונקען.

שטרעקן טייטל-ביימער אויס ברייטע אָרעמס
זי פון טײַך צו רײַסן;
קומען קלוגע, פלינקע פוקסן צו לויפן,
צו שנאַפּן זי און בײַסן.

גליען קופּער-פונקען אין הימלישן שוואַרצאַפּל,
שפּיגלען די פון טײַך צוריק;
בלײַבט שווימען פּאַרצעלאַנערנע מכשפה
ביז ווײַט אַריבער בריק.

— — — — — — — — — — — — — — —

קוק זיך אום פון אַלע זײַטן: בערג גלאַצן,
ווי שומרים פוילע, מיד:
וואָלקן האָט דעם בינע-פּאַרהאַנג גיך פאַרשטעלט;
ס'פּליסטערט ירדן שטיל אַ ליד.

# פרילינג

ס׳בליט די וועלט, ס׳זינגט די וועלט —
פעדים גינגאָלד — שפּינען.
זאַנפט מיט בשמים־דופט, —
דער פרילינג האָט באַגינען.

ווי מיט וואונדער, ווי מיט וואונק —
האָט געוועקט זיך — האָט געוואַכט.
פרישע גרעזלעך, גרינער פלוש, —
אויסגעכישופט איבער נאַכט.

מיט לחש־שפּרוך, מיט קנאָספּן־סוד,
פליסטערן ווינטן פון בוים צו בוים.
פון מאָרגן־טעג, פון נאָענטן וועג;
ס׳דוכט — אַ טרוים, און איז קיין טרוים!

בלוי געצירט — רויט געצירט,
קומט אויף דער פרישער צווייט.
מיט פויגל־סווויטש, מיט קינדס־געלאַך,
גייט אויף אַ טאָג — גייט אויף אַ ליד.

טוען אָן זיך, בערג און פעלדער
אַ בונט־געצירטע הילע,
און טובלען זיך, און גרייטן זיך,
צו אַ נייע פרילינג־תפילה.

# די נאַכט פאַלט צו

פאַמעלעך לעשט זיך איין די זון איידער נאַכט פאַלט צו.
ס'לעכצט דאָס פעלד, דער בוים — עס לעכצט יעדער בלאַט נאָך רו,
עס וואַשט זיי דער אָוונט טוי.
דער הימל כישופט אויס אַ פלאַמיק וואונדער־לאַנד,
עס ברענט זיך דאָרט פורפור־זייד און גאָלד־געוואַנט
באַזוימט מיט גרין און בלוי.

פאַמעלעך לעשט זיך איין דער טאָג איידער נאַכט פאַלט צו.
עס טראָגט זיך אַ בענקעניש אין חלל ערגעצוואו,
שקיעהדיק און גרייט.
פלאַטערט אַ ווייל און פליט ווי אַן אָדלער הויך אוועק.
עס שווימט לאַנגזאַם אָן דער טונקעלער ברעג
אַנטקעגן נאַכטיקער ווייט.

פאַמעלעך שאַרן שאָטנדיקע מחנות — נאַכט פאַלט צו.
אַ שאָטן־האַנט הויערט מיט לויערנדיקער אומרו:
פאַרבאָרגט זיך און קומט ווידער.
ווינקל־איין, ווינקל־אויס: שפּילט אין באַהעלטעניש,
און ציטערט מיט פליגל־סוד, מיט טענץ און ווינקעניש —
מיט פאַרכטיקן האַרמידער.

פֿאַמעלעך לעשט זיך אוים געררויש, — די נאַכט פֿאַלט צו.
עס טראָגט זיך אום אַ ברכה; פֿאַרן וואַגלער — אָפּרו.
סילועטן נידערן און שטייגן אויף. —
עס ווערט אַן עיר־מקלט, — ס׳פֿאַרוואַנדלט זיך די וועלט:
רעש הערט אויף און — געטומל, נאַכט פֿאַרשטעלט
די פֿאַרהאַנגען פֿון אין־סוף.

ווי אַ שטערן גייט ליכטיקייט אוים — נאַכט פֿאַלט צו.
ס׳הערשט בראשיתדיקער שאַ, — ווי פֿאַר תוהו־ובוהו
שווייגן אַלע וועלטן אַרום.
שטערן בליקן חלומדיק ווייט אין דער נאַכט אַריין. —
עס שלאָפֿט אין אייביקייט, אַנטקעגן דעם לבנה־שיין
די גאָטהייט, זילבערדיק און שטום.



# האַרבסט

ס'שוועבט אין דער לופטן שפּריי־רעגן, געפּערלט ווי קינדישע טרערן, —
און שטייגט צו דער זון אַרויף — פאַלט נישט אַראָפּ צו דער ערד;
ציט זיך ווי אַ כישוף אין לופטיקע ספערן,
און ווערט לאַנגזאַם פאַרצערט.

קאַרמען־רויט און בראָנז האָט זיך דער גרין פון די בלעטער געפאַרבט אַצינד.
בריליאַנטענער טוי הענגט ווי אַ פאַרהאַנג אַרום;
ס'צירן זיך ביימער פאַרן אָנקום פון ווינט,
אַזוי ציטערדיק שטום.

און עס וואַלגערן זיך קופּעס פון אַלט־גאָלדענעם בלעטער־פאַרמעג,
פאַרוויקלט מיט דעם האַרבסטיקן קופּער־געוואַנט,
ווי ברוכווארג פון צירונג אין מיטן פון וועג,
אין אַ חורבנדיק לאַנד.

און ס'קומט אָן דער ווינט און באַגנבעט די צווייגן פון ביימער.
בלאָזט זיי און בלאָזט, ביז זיי בלייבן נאַקעט און בלויז;
זיין זאַק־רויב אין אַ טאַש אַ געהיימער
באַהאַלט ער אינעם שויס.

און ס'קומט אָן דער ווינט ווי אַ שטאָלענער אָדלער געפלויגן געשווינד
און כאַפּט אויפן רוקן די שטראַליקע אוצרות פון רויב;
לויפט צעלאָזן ווי אַ צעווילדעוועט קינד,
און פאַרלירט זיך אינעם שטויב.

און עפּעס באַפאַלט דיך אַן אומעט: פאַרלוירן דעם זומער דאָסמאָל;
פאַרלוירן דאָס גאָלדענע ליד פון זאַנגען אין פעלד;
פאַרלוירן דעם צויבער פון באַרג, — דעם צויבער פון טאָל. —
פאַרלוירן דאָסמאָל די וועלט.

# שומרים אין מדבר

ס'ציט זיך דער תכלת פאַרשטריקט אין די זאַמדן —
פורפורנע פעדים מיט גאָלדענע פעדים פאַרשפינט;
ס'שפיגלען זיך פאַרביקע שטאָפן אויף הימלישע ראַנדן —
ס'פאַרבט זיי אין שקיעה דער טרוימער, דער ווינט.

ס'הויערן די קעמלען און שווייגן אין מדברישן שוים.
ס'נידערט דער חלל צעפלאַקערט ביים אויסלעש פון טאָג:
געקיניגט פון מאָרגן ביז מיטאָג און בין־השמשות,
זינקט די זון אין תהומען — אַ גאָלדענע שאָל פון אַ וואָג.

וואָס ציט זיך ביינאַכט פון פלאַקער דער רויך?
ס'ציטערט אַ פאַקל אין דעם מדברישן שוים,
ווי דאָס הייליקע פייער אויפן אַלטן מזבח,
וואָס לעשט זיך קיינמאָל, קיינמאָל נישט אויס.

ווער צינדט דאָס אינעם מדבר פון פייער מנורות,
צו באַלייכטן דעם וואַנדער אין נאַכטיקער שרעק?
דאָס זיינען די שומרים פון גליאיקע דורות,
וואָס וואַכן און היטן פון מדבר דעם וועג.

# מדבר דעמערט איין די נאַכט

און ס׳איז געקומען אַ פאַרבאָרעגענע האַנט,
און האָט דעם מדבר אָנגעטאָן אַ גאָלדן געוואַנט,
לכבוד דעם זון־פאַרגאַנג.
האָט די מדברישע מלכה, פון זון באַגלייט,
אויף יענער זייט געבערג זיך געגרייט
צום שלאָף מיט שטיל־געזאַנג.

האָבן גאָלדענע פעדים פאַרשטריקט זיך אין זאַמד. —
מיט צעגליטע קאָלירן איז דער הימל צעפלאַמט
צווישן בערג געזונקען שטום,
און פאַמעלעך געשוועבט האָט אַ פורפורענער ווינט,
און האָט מיט צויבער צעקילט די לופט געשווינד
אין מדבר ווייט אַרום.

האָבן קאַקטוס־ביימלעך זיך אויסגעשטעלט,
ווי איינזאַמע קינדער פון אַ פרעמדער וועלט,
און פון אַ פרעמדער צייט,
אין גראָטעסק־געשטאַלטן זיך בייגנדיק,
פאַרגאַפט, איינער צום צווייטן זיך נייגנדיק —
געבליקט צו ווייסטער ווייט.

האָבן שאָטן־הענט צעהוידעט זיך לאַנג,
ווי אויסטערלישע נעצן וואָס זוכן געפאַנג,
אָן אַ סוף, אָן אַן ענד.
האָבן שטערן געוואָרפן שטראַלן־ליכט, —
געוואָרפן שטראַלן, אויף זאַמדיקן שיכט:
גאָרבן־זילבער — פולע הענט.

האָט דאַן דער זאַמד גענומען ציטערן פאַר קעלט;
ער האָט געמיינט: ס׳גייט אונטער שוין די וועלט
אין פינצטערניש פון נאַכט.
האָבן פעלדזיקע בערג איינגעהויקערט זיך,
און אין טונקלען קלייד זיך איינגעהילט גיך,
ביז נייער טאָג דערוואַכט.

און שאקאלן אין דער פינצטערניש אַריין,
לאָזן הערן זייער יאָמערלעך געוויין;
ס׳ענטפערט אַ ווידערקלאַנג, —
און אין דער מדבר־שטילקייט מיט פול באַטייט,
טראָגן זיך כישוף־טענער ווי פון אַ פלייט:
עס ווערט אומעטיק־באַנג.

האָט דער גרויסער מדבר ווי אין אַ געצעלט,
אָרום און אָרום אַלע פאָרהאַנגען פאַרשטעלט,
און די פעלדזן אָנגעזאָגט,
צו זיין טרייע שומרים אין דער ווּיסטער נאַכט.
ליגן טרייע שומרים שטיינעריש פאַרטראַכט,
שטיינעריש פאַרטראַכט ביז ס׳טאָגט.

#ביימער מלוכה

ביימער צעצווייגטע, שווער באַלאָדענע,
מיט בלעטער־עשירות צעוויקלט און רייך,
אין שכנות פון טייך —
שטייען אין אַ האַלב־עיגול,
ווי גרינע פאַרכישופטע פּיראַמידן.
מנוחהדיק צופרידן,
מיט שטאָלצער זיכערקייט פון נצח נצחים.

שטאַמען אייזערנע, פעסט פאַרוואָרצלטע,
מיט גבורה פון ריזן,
טורעמען זיך הויך אַרויף, אין ספערן הימלישע;
הערן זיך איין סודות פון הויכקייטן פאַרטאַיעטע,
וויים־בלוילעך, מאַרמאָרנע —
סודות פון דער פמליה של מעלה.

שושקען זיך צווייגן מיטאַנאַנדער,
און פליסטערן זיך אין טויזנטער אויערן
בלעטערדיק גרינע,
מיט אויערינגלעך זילבערנע באַהאַנגענע
פליסטערט בלאַט צו בלאַט און — צווייג צו צווייג,
מיט נייג און בייג;

מיט רוישיקן טאַקט און ישוב הדעת,
פון באַיאָרטע ווייבער פאַרמאַטלטע:
ווידער און ווידער אַן אויפהער, אָן סוף,
אַראָפּ און אַרויף;
און ס'טוליען זיך געדיכטער צוזאַמען:
בלעטער און שטאַמען,
און לאָזן נישט זוניקע שטראַלן בלענדיקע,
אריין אין זייער היימישער מלוכה.

הילן זיך ביימער אין שאָטן מלבושים,
און שאַקלען זיך ווי פאַלדיקע רעטונדעס,
באַפרענזלטע;
וואַגלען זיך ווי צעפּאַטלטע נזירים,
צעפלאָשעטע מיט פאָלעס צעיאָגטע,
פונעם פאַכנדיקן, זאַנפטן ווינט —
סגי־נהר בלינד.

און ס'גייט אַ גערוּאַנגל פון ליכט און שאָטן,
דורך אַ נעץ פון בלעטער און צווייגן־געפלעכטן:
רייסט זיך אַריין אַ שטראַל — אַ שפּיז אַ זילבערנע
און רוקט זיך פון אויבערשטע שפּיצן אין האַרצן
פונעם זיכערן טונקל.
קומט אַ שאָטן־האַנט, מעכטיק ווי די האַנט
פון עוג מלך הבשן, פאַרטרייבט דעם
זילבערנעם שימער — באַהערשט מיט נצחון,
דעם דעמער פון אייביקן בין השמשות.

יאָגן זיך וועוויאָרקעס אין צווייגישע געפּלעכטן,
ווי פליסיקע שטאַפּעטן, געטרייע,
געשיקט מיט שליחותן פרייע;
שפּרינגען זיי ווי קליינע שרעטערלעך־העלדן,
מיט הערהאישן סכנות נפשות, —
שטייגן צו אויערן פון דערוואַרטנדיקער
גרויסקייט פונעם מלכות.

זינגען פייגעלעך און פירן קאַפּעלעס
מיט כאָרן אָרום זיכערע נעסטן,
צו פּאַרזיסן דאָס גדלות פון אייביקער,
פּיראַמידישער חכמה,
וואָס רעדט מאַיעסטעטיש אַריין
אין ווייטע אומבאַקאַנטע מרחקים.

אָבער ס׳טרעפט אַמאָל, פּלוצעם, —
אַ שטורעם דערוועקט זיך אין געביטן
פונעם צווייגישן געפּלאָנטער,
און ס׳שטורעקן זיך דעמאָלט אָרעמס און הענט
גרין־באַוואָקסענע מיט טומל און רוגזה:
עפּעס אַ סוגיא אַ האַרבע לערנט דער עלטסטער
פון ביימישע ריזן. —
ס׳אַמפּערן זיך העלדן קלענערע:
זיי האָבן זיך באַזינען
מיט הדרת כבוד,
מיט פּראַגישע מינען,
און זיינען שפּעטער מסכים באמונה שלמה. —
און ס׳שטעלט זיך איין אין דער האַלב־עיגול מלוכה

ווי פריער, אַ כּישוף־מנוחה:
שלום, נישט מיר — נישט דיר.

נאָר ווען די מיטאָג־שעה קומט,
און די זון צעעפנט טיר און טויער
פון ליכטיקייט,
ברייט און ווייט,
און באַוואָפנט זיך מיט בראשיתדיקע כּוחות
פון באַהאַלטענע, גאַנצע טעג און נעכט פאַרשלאָסענע,
אוצרות ערגעץ אינעם זיבנטן הימל,
און מיט זוניקן געטומל,
וואַרפט זי גאַנצע סנאָפּעס
פון בלאַנקענדיקע, אָנגעהיצטע שטראַלן, —
פלאַקערדיקע פיילן,
ווי אַ ראַדיאָ־רעגן אינעם חלל פון דער וועלט.
דעמאָלט דרינגען ליכטיקע כּוחות אַריין,
טיף אין אונדזער ביימער־מלוכה,
מיט זוניקער ברכה,
און באַגיסן טראָפּיק מיט גאָלדענעם פייער
בלאַט און צווייג,
און אפילו שטאַמען שוואַרצלעך־מאַטע
לייכטן אין שימער,
און שמייכלען מיט פאַלדן און קאַרבן,
מיט זייערע אַלטע גופים געגרינצלטע,
און ס׳זינגט דער גרויסער טריאומף,
פון ליכט,
מיט לאַכנדיק געזיכט.

# פ י ל י ג ר א ן

קומען מחנות אַנגעפלויגן פון אַלע זייטן,
פון פרעמדע, אומענדלעכע ווייטן,
אויסטערלישע שניי־פליגעלעך זילבער־ווייסע —
ווי אין אַ צויבער־מעשה,
טוליענדיק זיך הייטער און הפקרדיק פריי.
שפּילט זיך דער ווינט און יאָגט זיך מיט זיי, —
יאָגט זיי ווי אַ קינד אַרויף און אַראָפּ,
און טרייבט זיי רונדיק אַרום אין אַ קרייז,
אין דער לופטן טאַנצנדיק זאַלבענאַנד,
אַ פליענדיק לוסטיקן קאַראַהאַד,
ווייט אין אַ ראָד.

הילן זיך שטאַמען פון ביימער אין לויטער בראָקאַט, —
שטייען פאַרבליפט
און שטוינען פאַרגאַפט.
נידערן שניי־פליגעלעך טיפער אַראָפּ,
און באַהאַלטן זיך אויף נאַקעטע צווייגן.
אויסגעשטרעקטע, פון בלעטער אויסגעטוענע,
און שמייכלען אַראָפּ פון דעכער און ראַנדן,
און זיילן פון הייזער
צו אַלט־באָבעשער ערד וואָס האָט אַנגעטאָן

זיך דאָס ווייס־זיידענע חופּה־קלייד
פון כלהשע טעג — פון יאָרן גאַנץ אַלטע, —
אין ווינטערדיקע צייטן, קאַלטע.

און ס'שפּינען זיך שנייאיקע קרוינען פון ביימער ;
און ס'פלעכטן זיך זילבערנע צווייגן צוזאַמען,
און שיינען ווי פיליגראַן אָריענטאַלישער
געשמידט און געוויקלט פון געלייטערטע פעדים,
און געהאַמערט פון אַ מייסטער־האַנט — אַ וואונדער־האַנט.



# שניי־פאַל

שנייאיק קרישטאָלענע שטערנדלעך,
ווי פונעם הימל אַראָפּגעפאַלענע,
זיינען אינעם חלל שטיפעריש געפלויגן —
געדרייט זיך ווי יום־טובדיקע פליטערלעך,
געבלאַנדזשעט אַרום אינעם קרייז
בלענדנדיק ווייס. —
געטאַנצט וואונדערלעך אַ צויבער־באַלעט,
און אַ קאַדריל אַ מיליאָסיק־פּאַכיקן געפירט.

און טוליענדיק זיך ווי קינדערלעך קליינינקע,
פון טאַנצעניש מיד־מאַטע, אויסגעשעפּטע,
זיינען זיי ווי חומשדיקער ווייסער מן,
אַראָפּגענידערט אויף פלאַך, אויף ערדישן;
באַדעקט דעכער און געזימסן פון הייזער,
און מיניענדיק פאַרכליפּט,
אַזוי פאַלנדיק געשטיפּט,
ווי זילבערנע פייגעלעך מיט פלושענעם בליאַסק,
פון פעדערלעך צעפלאָשעט און צעשויבערטע.

און אַזוי פאַרזונקען אינעם חלום פון שניי,
זעט אויס די וועלט קדמותדיק־ניי,
און צניעותדיק אומבאַרירט,
ווי צו אַ חתונה אויסגעצירט:
אויף אַ פאַרצויבערט־ווייסן דיוואַן די כלה שפּאַנט,
אין מלבושים זיידענע מיט מאַרגאַרעטן פאַרפּוצטע;
איינגעהילט און באַגליקט.

# אין אַ ווינטער טאָג

פלוצעם ווי דער אָנקום פון אַ גוטער בשורה,
מיט יונג-האָפערדיק, קינדיש פנים,
האָט די זון זיך אַ צעשמייכלטע אַרויסגעגנבעט,
פון דער גרויער וואָלקן-תּפיסה
און האָט אויף אַ ווייל פאַרשעמט
די שטאָל-שווערע ווינטערדיקע קייט,
וואָס האָט געשפּאַנט,
אין אייז-קאַלטן באַנד,
גאַסן און סקווערן אַספאַלטענע
און האָט האָפענונגען וואַרעמע אַרייַנגעשטראַלט,
אין געמיטער אויסגעווינטערט פראָסטיקע.

און שניי-נעסטן אין טורעם-ווינקלען,
פון הייזער מיט זוניקן חסד באַגאָסענע,
האָבן גענומען צעלאָזן זיך שטיפעריש —
וואַרפן זילבערדיקע וואַסער-טראָפּנס
סתּם אין דער וועלט אַריין,
ווי נאָך אַ הוליאַנקע, צעגאָסענער וויין.

און אַנטקעגנאיבער אין שאָטן-זייט,
ווידערשפּעניסטיק — עקשנותדיקערהייט,
טריאומפירט מיט שטאָל-געפּאַנצערטע
אייז-אינדזלען, —
דער פראָסטיק ווינטערדיקער טאָג.

# בין־השמשותדיקע שעה

דאָס עצבות פון בין־השמשותדיקער שעה, וואָס שוועבט אַרום
אין גאַנצן באַשאַף, האָט אין מיין געמיט שטיל און שטום,
איר שקיעה־צער אַריינגעצאַנקט;
אַריינגעטריפט טראָפּנווייז אומעטיקן געטראַנק.

אויפן הימלס מערב־ראַנד האָט געשריבן זיך אַ ליד,
פון פלאַקער־גאָלד און פיאָלעט־געשיין,
פון געהיימער האַנט געשריבן זיך אַליין
מיט פאַרבענקטע, קופּערדיקע היעראָגליפן־צייכן,
און געשטאַלטן מיניענדיקע, ווי רעטעניש וואָס פאַרבליבן.
ווי דער רעגנבויגן, מיט אותיות אומגעהייערע,
אין אַ פייער־מגילה אָן אויפגעפּראַלטע:
אויפגעוויקלט מיט שרפים־הענט — מיט כתב אויסגעגליטן.

און איידער איך האָב אויפגעפּלאָנטערט דעם בלישטש־באַטייט
פון דער אורים־ותומימדיקער, פאַרבאָרגענער כונה,
האָבן זיך די געשטאַלטן — חרטומימדיקע גרופּעס,
צעזייט און צעשפּרייט, ווי אַ נייער בלאַט פונעם ליד
וואָלט זיך אויפגעמישט פון זילבער אויסגעשמידט,
און באַגילדט מיט גרינעם לייש. —
פאַרהוילן איז דער טייטש:
פאַרשוואונדן אין אומבאַקאַנטער ווייט,
ווי עמעץ וואָלט געבלעטערט פאַמעלעך, בילד נאָך בילד
און בלאַט נאָך בלאַט פון בענקעניש־געדראַנג,
וואָס האָט אַנטפּלעקט זיך מיט כישוף־רייץ
אין בין־השמשות פאַרן זון־פאַרגאַנג.

# אין ווינטער צייט

און ס'גייט אויף אַ טאָג — אַ טאָג פאַרגייט,
און פון צפון יאָגט אַ קאַלטער שטורעם-ווינט
געמישט מיט שניי — אַ הוראַגאַן; און ווי מ'הייבט אַ קינד,
הייבט ער פאַרקילטע ביימער מיטן וואָרצל אויס
און וואַרפט זיי ווי אַ שפּענדל אין שנייאיק-ווייסן שוים, —
און רייסט זיך אין מרחקים, און רייסט זיך ווייט
אין ווינטער-צייט.

און ס'גייט אויף אַ טאָג — אַ טאָג פאַרגייט, —
ווי אַ סגי-נהור מיט צוגעמאַכטע אויגן בלינד,
ערגעץ אין אַ האַרבער-נאַכט געיאָגט פון ווינט
און ווײַס נישט וואו אַ שטיין אין וועג, אַ שטרויכל ליגט
אויף פרעמדקייט פּראָסטיקע, אין אייז פאַרשטריקט
און לויערט אין באַהעלטעניש, לויערט שאָדן-גרייט
אין ווינטער צייט.

און ס'גייט אויף אַ טאָג — אַ טאָג פאַרגייט. —
ציטערט יעדער שלאָפער און קלאַמערט זיך אין לעבן, —
ווי פאַרן שטרענגן פירכטערלעכן יום-הדין געגעבן,
און ערגעץ אַ פאַרבליבן בלעטל פאַרבאָרגן אויף אַ בוים,
אַנטרונען פון פאַרלענד צו פאַרפאַלן אינעם תהום.
צי איז עס אונטערגאַנג? צי איבערבייט
אין ווינטער צייט?

און ס'גייט אויף אַ טאָג — אַ טאָג פאַרגייט, —
און ס'שנייט און שנייט: ווייס טאָג־איין, ווייס טאָג־אויס.
די גאַנצע וועלט אַ ווייסער בער ביי זיך אין הויז.
ווי עמעצער וואָלט די וועלט מיט ווייסן זאַלץ באַזייט,
איר טעם און געשמאַק צוגעגעבן און תכלית־באַטייט,
וואָס איז איינגעוויקלט אינעם תוך, ווען עס שנייט,
אין ווינטער צייט.

און ס'גייט אויף אַ טאָג, אַ טאָג פאַרגייט,
און שלאָס־און־ריגל אויף אַלצדינג אומעטום:
ס'איז פאַרפרוירן טייך, פאַרפרעסטלט דער אָרום;
נאָר פאַרבליבן איז די האָפענונג, אַז אַלץ פאַרגייט
און פלאָנטערט איין רינג אין רינג אין ווייטער, קאַלטער קייט,
און וועבט זיך איין ווייט געשלאָסן אין דער אייביקייט,
אין ווינטער צייט.

און ס'גייט אויף אַ טאָג — אַ טאָג פאַרגייט, —
און ס'האָרבט זיך איין דער גוף, — האָרבט זיך איין ס'געמיט. —
עס שיקט צום גאָט פון פייער דער אָרעמסטער זיין ליד,
אָנגעפלאַקערט מיט תחנונים צו דער ווייטער וועלט,
וואָס טראָגט איבער זיך פרעמדע זונען און פרירט פאַר קעלט,
און ווערט פאַרוואַנדלט אין קרישטאָל ווייס ווי קרייד,
אין ווינטער צייט.

# מיין פּאָטערס געבעט

(**הירשן** — אַ מתנה)

ווען אין הימל איז נאָך פינצטער —
נאָך פאַר השכמה,
וואַכט מיין פּאָטער פון טיפן שלאָף שוין אויף,
ווי דודם האַרפע פון פרימאָרגנדיקן ווינט.
צעעפנט זיין חלומות־טיפן בליק;
וואַשט ס'בלוי פון אויג — ס'בראָקאַט פון זיין באָרד.

ער פעדערט זיך אין באַגינען,
ווען דער מאָרגנשטערן נאָך שלאָפט
אין דער וועלבונג פונעם האָריזאָנט,
זיין זיסן דרימל, —
דעם דרימל פון די גערעכטע.

עס ציטערן שטערנדלעך גילדערנע, קליינע,
האַלב־דרימלענדיק אין דער לעצטער אשמורה,
אויפן בלויען אויסגעשפרייטן פאָן
פון סוף־נאַכט.

באַוועגט זיך מיין פּאָטער ווי אַ שאָטן
אין דער ביינאַכטיקער שטוב ;
רייסט איבער די שטילקייט פון איר שווייגן
מיט זיין לייכטן שאָרך, —
ווי דער שאָרך ביים אָנקום פון נאַכטיגאַלן,

שוועבנדיקע,
אין דער ספערע פון חלל
צווישן הימל און ערד.
„שחר אבקשך צורי ומשגבי, —“
פליסטערט ער, קוים מ'הערט.

*
**

דרויסן איז די בשורה פון פאַרטאָג,
נאָך איינגעוויקלט אינעם פאַרלעגענעם
גרויען שניי,
וואָס ליגט אָנגעזאַמלט קופּעסווייז
ביים ברעג פון שטיינערנע גאַסן,
און אַרום דעם האַלב-שלאָפנדיקן לאַמטערן-סלופּ,
וואָס שטייט אַזוי שטאָליק און הויך,
מקבל פנים צו זיין גרייט,
דעם פריען דערשיין פונעם טאָג,
מיט זוניקער ברכה אין די הענט.

*
**

זאָגט ער תהילים אויסנווייניק,
מיט שטיל געזאַנג,
קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל, ווי אַ לחש.
טייטשט אַריין זיין לייד — זיין שווערן גורל —
אין פסוקים מיט דבקות,
און מיט אַ זיפץ אַ שטילן,
כמעט אָן ווערטער — שעפּטשעט מיט די ליפּצן;
שאָקלט מיטן קאָפּ צו, וואָר צו מאַכן יעדעם אות,

יעדע כונה —
מיט געמיט אין אויסגוס פון קדושה,
און ס׳דאַכט זיך: זיין באָרד זאָגט נאָך, אָמן.

**
*

איילט זיך מיין טאַטע אויף אייזיקע וועגן, —
שפּאַנט פאַזע דעם אייז־געלאָדענעם טייך.
אָנגעגאַרטלט מיט גלויבן וואָס פליסט אַזוי זיכער
ווי פון וואַסער דער שטענדיקער גאַנג,
די שימערנדיקע מיסטעריע.
אונטער זיין אָרעם — טלית און תפילין;
זיין שליסל צו גאָטס פאַרבאָרגענישן.

— — — — — — — — — — — — —

ס׳יאָגט אין האַלב־פינצטערניש דער ווינט,
זיין באַפרעסטלטע באָרד
אַנטקעגן די שטאַפּלען פונעם גילדערנעם לייטער,
וואָס טראָגט מענטשלעכע האָפענונגען,
און מענטשלעך געבעט.

# דאָס ליד פון גאָלדענעם אָדלער

(באַלאַדע)

האָט דער קיניג שלמה געהאַט אַן אָדלער פון גאָלד,
ווי אַ מענטש אַזוי קלוג, ווי אַ ווייזלטיר — גרויס.
האָט ער אים געהאַט, ווי זיין אייגן ווייב האָלד, —
ער האָט אים גענומען פאַר זיינע נסיעות בלויז.

איז ער טיף אין מרחקים מיט שלמהן געפלויגן,
ביז צו די הרי־חושך, אַזוי ברייט און ווייט
און איז אַזש ביזן זיבנטן הימל געשטויגן;
צו פאָלגן דעם קיניגס באַפעלן — געווען גרייט.

און אַזש ביזקל סמבטיון, דעם שטורמיקן טייך,
האָט געשוועבט דער אָדלער אין שליחות אַליין,
און צוריק איז ער געקומען פון הימלישער הייך,
אָנגעלאָדן מיט שבע־חכמות אַהיים צו גיין.

און מיט אַפּאַלן־געשימער דער זון אַנטקעגן,
פלעגט ער אויסשפרייטן גאָלדיק, די פליגלען טריי:
איבער הערצער פון שטעט, איבער שטעגן און וועגן,
צו באַשירעמען די שכינה, די מלכה פון פריי.

האָט זיך פאַרן אשמדאי דער קיניג פאַרשטעלט,
וואָס האָט דעמאָלט געטאָן דער אָדלער פון גאָלד? —
ער איז געשטויגן, געפלויגן העכער פון דער וועלט
און געטראָגן די שכינה, אויף די פליגלען האָלד.

האָט ער אין דער ווייטקייט די שכינה געטראָגן,
דאָרט, וואו לאַנג שוין עס וואַרט דער מלך המשיח:
ביז אַמאָל עס וועט זיך אַ בשורה דערטראָגן,
ציילט ער די בלעטער פונעם הייליקן לוח.

עס לעבט שלמהס אָדלער פיל טויזנטער יאָרן;
ער דינט נישט דעם טייוול — דער אָדלער איז פריי.
האָט ער געשוועבט אין די ספערישע גאָרן,
די פאָלקישע פרייהייט צו היטן געטריי.

פלוצעם דערהערט זיך די בשורה פון וויטן;
ס'אַנטבינדן זיך כוחות מיט גלויבן און האָפן:
אַ גערויש פון כלי־זיין, אַ געשאַל פון טראָמפּייטן, —
צי איז עמעץ אים דאָרטן, דעם וועג נישט פאַרלאָפן?

איצט האָט זיך פאַרוואַנדלט דער אָדלער אין שטאָל,
צו ברענגען ברכה און פרייהייט דעם פאָלק צוריק,
טראָגט ער מיט אימפּעט זיין שליחות ווי אַמאָל —
געווענדט איז אַהיים זיין אָדלערישער בליק.

# ביים ברעג פון ירדן

(באַלאַדע)

שטייט דער האר״י הקדוש ביים ברעג פון ירדן,
דאָס וואַסער איז טונקל און טיף. —
ווי קומט מען אַריבער אויף יענער זייט טייך —
ווען נישטאָ איז קיין בריק, קיין שיף?

עס קומט אָן פלוצעם די רגע פון חסד,
מען טאָר נישט פאַרזוימען די צייט;
האַרטנעקיק — דער כוח פון דער קליפה,
ווען מדת הרחמים איז ווייט.

זעען זיך מואבס בערג פון דער ווייטן —
פעלדזן רייסן זיך העכער;
ווי גלוסטיקע הענט נאָך שטראַליקן ליכט
פונעם זוניקן בעכער.

נעמט דער האר״י זאָגן בלחש אַ תפילה:
„זאָל דאָס מאָל אַ נס זיין באַשערט,
ווי אין די צייטן פון יהושע בן נון״. —
זיין געבעט איז געוואָרן דערהערט.

איז פלוצעם יהושע אויפן אָרט דערשינען:
„פון גאַרנישט וועט ווערן אַ בריק!

זאָג מיר צו וועמען עס פירט דיין וועג,
וואוהין איז געווענדט דיין בליק?"

— „דאָס ביזטו יהושע באַוואָפנט מיט שווערד —
קנעכט פון משה רבינו?
דו האָסט פאַרהאַלטן די זון אין גבעון,
און איר באַפוילן צו שיינען.

„ראובן און גד און האַלב שבט מנשה
וואוינען דאָרטן דעריבער,
דאָרט שאָף און פאַשע אויף אומהייליקער ערד,
מוז איך גיין דאַוונען בציבור.

„ברענגען אַריבער די סודות פון תפילה,
ניצוץ פון קדושה-צעצינדן;
טראָגן אַהינצו די בחינה פון גאולה —
שליטה פון שטן פאַרלענדן."

— „שלום עליכם, מיין הייליקער רבי —
מסתם זיינען נסים באַשערט:
אַלע שטורעמס ווערן בטל ומבוטל,
ווען תפילה — באַגלייט מיט דער שווערד."

— — — — — — — — — — — — — — —

וויל דער האר"י הקדוש דאַוונען בציבור,
אַ סימן — משיח גייט קומען.
האָט מען אין צפת דעם שטן באַשוואוירן —
ירדן האָט נאָכגעזאָגט „אמן".

# דער טויער פון גן־עדן

(באַלאַדע)

גייען מיר איינגעשפּאַנט אין ראָד פון די טעג —
אין אַן עיגול, ווי אַ ווינטמיל, —
דורשטן דעם אויסלייז, זוכן דעם אויסוועג;
לעכצן נאָך תכלית, נאָך ציל.

אַרום איז מדבר, אין שטילע געשפּרייטן, —
מדבר — אָן ענד און אָן סוף:
זאַמד און בערג ווי געשלאָסן אין קייטן,
און גאָלדענער שימער דערויף.

פון ווייטנס זעט זיך דער טויער פון גן־עדן,
ס'פליסט דאָרט פון חומש דער פרת.
דאָרט צעבינדן זיך זוניקסטע פריידן;
ס'טרינקט דאָרט אליהו זיין כוס.

האָט שוין דער נביא זיין כוס געטרונקען —
ווער האָט זיין שטימע פאַרנומען?
זיינען דאָך וועלטן אין תהומות געזונקען —
מירן צווינגען משיח זאָל קומען!

ער האָט דעם יין המשומר געטרונקען.
פּלוצעם — די פּאַפּירענע בריק:
אויף יענער זייט האָבן בערג געוואונקען,
גייט ער צום כרמל צוריק.

אויפן כרמל פאַרצייטן מיט שניידיקן שפּאַט —
פאַלשע געטער צעשטערט.
עס הערט זיך נאָך היינט זיין נביאישער טראַט
אויף צעטרייסלטער ערד.

מסתמא זיינען נייע נביאים דערשינען.
וואו וואוינט אל רחמן אצינד ? —
צעצינדט זיך הימל און פאַרבט דעם באַגינען;
עס בלאָזט פון מדבר אַ ווינט.

האָט ס׳הייליקע פייער אליהו באַהאַלטן:
פאַרשריבן אַ רעטעניש־וואָרט.
ער רייבט זיך דעם שטערן, מיט קנייטשן, דעם אַלטן, —
קאָן ניט דערמאָנען דאָס אָרט.

וואו איז גאָט־צבאות פון איצטיקע טעג —
אין פייער, אָדער אין שטורעם ?
שטייט אליהו וואו עס שיידט זיך דער וועג:
אַ דממה — רעטעניש־טורעם.

— — — — — — — — — — — — — —

און ס׳ציען זיך פעדים פון טורעם צו דער ערד;
ווער וועט די שטאָפן פאַרוועבן ? —
די האַנט פון דערלייז וואָס האָט הייליק באַשערט,
משיח פאַרן מענטשלעכן לעבן.

# משיח

(באַלאַדע)

אויף דער שוועל פון סוף־נאַכט און פרימאָרגן
שטייגט אויף דער הימל פון תהום. —
ס'איז נאָך די זון אין טיפעניש פאַרבאָרגן
הינטער די טויערן פון רוים.

דאָרט ביי די אַלטע רוימישע טויערן
זיצט ער, דער געזאַלבטער משיח.
זיין בענקשאַפט פאַרנעמען פאַרצייטיקע מויערן;
פון וואונדן שוואַך איז זיין כוח.

ער וואַרט, אַז משה פון מדבר זאָל קומען
מיט זיין נביאישן טראָט,
און זאָל פלאַנצן פון דער גאולה די זאָמען —
זאָל ברענגען די בשורה פון גאָט.

***

און ס'גייט אליהו הנביא צום באַרג נבו,
משה רבינון אַנטקעגן, —
דער מאָרגנשטערן לייכט אַזוי העל און בלוי
אויף מדברישע וועגן.

ס'איז נאָך דער מדבר אין דרימל פאַרזונקען
אין נאַכטלעכן, וויסטן אין־סוף,
ווי טונקעלער הימל וואָלט זיך געטונקען
אין גאָלדיק זאַמדיקן שטאָף.

פאַרוועבן זיך שאָטנס מיט זאַמדן צוזאַמען,
פון בערגיקע ריזן שטילע.
זיי טראָגן אויף אַקסלען פעלדזיקע שטאַמען
אין טראַכטן אָן אייביקע תפילה.

זיי מורמלען אַ תפילה אין שטוינען און שפּינען,
נסים וואָס וועלן נאָך ווערן:
אין שוים פונעם מדבר זיינען סודות פאַראַנען —
עס קען ניט קיין מענטש זיי דערקלערן.

אפשר אין היילן, דור־המדברם פאַרבלייב,
אַ דערמאָן, אַ צייכן פון סוף,
אפשר — די שטאָלצע מעפּילים אין בערגישן לייב,
וואָס האָבן געשטורעמט באַרג אַרויף?

*
**

מיטאַמאָל דערזעט זיך פון ווייט אַ געשטאַלט,
וואָס שפּאַנט אין מדבר אַליין —
ווער איז דאָס די וויזיע וואָס פאָלדט זיך און פאַלדט,
אין ליכט פון שטערן־געשיין?

ווער איז דאָס די יונגפרוי אין ווייסן געקליידט,
מיט וואונדער־טריט ווי אַ נגינה ? —
זי שפּאַנט פונדערווייטנס מיט חסד באַטייט :
עס איז די מאַמע, די שכינה.

זי האָט קפיצת הדרך ; זי אײלט ווי אַן אינד ;
זי קומט פון אַנדערע וועלטן :
זי טראָגט אַ שליחות אויף די פליגלען פון ווינט, —
זי טראָגט עס צו יעקבס געצעלטן.

— — — — — — — — — — — — — — —

דאָס איז די שכינה מיט רחמים־געזיכט :
זי שוועבט, זי אײלט אַזוי גיך —
נאָך איידער ס׳גייט אויף פון דערלייז דאָס ליכט —
צו היילן די וואונדן פון משיח.



# אויף די חורבות פון נינווה

(באַלאַדע)

צוויי תימנער וואַנדערן אין אַראַבישן מדבר;
געהערט — משיח איז געקומען.
האָבן פאַרלאָזן היים און הויז — ווייב און קינד,
נאָר צידה לדרך גענומען.

זיי גייען צום הייליקן לאַנד פון די אבות,
צום לאַנד פון בענקען און גאַרן;
איבערצורייסן דעם קנעכטישן גלות —
ווילן זיי אויסשטיין געפאַרן.

אויף אייזלען געלאָדן כלים פאַר אַרבעט,
און אויך אַ לייוונט־געצעלט. —
פאַרנעמען ביי טאָג די חמימה, די היץ,
ביינאַכט אין מדבר — די קעלט.

און עס הויערן זאַמדן, בערג און פעלדזן
אין מדברישע פלוינען שטילע,
אַז אַ פחד פאַלט עד כלות הנפש —
ס׳רייסט זיך פון האַרצן אַ תפילה.

***

אין בבל האָבן זיי גענומען אויסרוען;
אין לאַנד פֿון די תּנאים.
עס וועלן זיי, אַוודאי, מלאכים באַגעגענען
און זאָגן: „ברוכים הבאים".

מיט הכנעה זיי גייען פֿון הויז צו הויז —
פֿאַרוואָס זאָלן זיי ליידן נויט?
ס'איז אַרבעט אין מענטשנס האַנט אַ ברכה;
ס'ברענגט אים דאָס טעגלעכע ברויט.

אויף נינוהער חורבות האָבן זיי געדאַוונט
יונה דעם נביאס געבעט. —
האָט געבלאָזן אַ ווינט פֿונעם חדקל —
געוועזן — פֿינצטער און שפּעט.

„הייליקער נביא פֿון געראַנגל און נויט —
איז שוין טאָקע משיח געקומען?
עס הערט זיך נאָך נישט דער שופֿל-געשאַל;
קיין צייכן פֿון גאולה — פֿאַרנומען".

— — — — — — — — — — — — — — —

און ס'ווידערט אַן אָפּקלאַנג אין שטילקייטן ווייטע
פֿון תּפֿילהשע באַגערן,
און דערגייט צו די אויערן פֿונעם נביא
אין די בערגישע ספֿערן.

ווייל ס׳לעבט דער נביא אין בערגישן הויך,
וואָגלט אויף משיחישע וועגן;
ער טראָגט דאָרטן דעם נביאישן תוך
יעדן מיט בענקשאַפט אַנטקעגן.

ער רופט דעם דערלייזער מיט פלאַמיקן וואָרט,
זוכט אים אין אויפשטייג פון שאַפן:
אויף יעדן שיידוועג און אויף יעדן אָרט
פאַרנעמט ער גאַרן און האָפן.

***

צומאָרגנס אויף חורבות פון אַלטן נינוה
מזרח פון חדקל דעם טייך,
איז אויפגעשלאָגן אַ ווייסער געצעלט
אויף שפּוע־באַרג אין דערהויך.

דאָרט זיצן ביידע יידן פון תימן:
איינער פאַרריכט אַ דיוואַן;
וועבט אַריין זיין גורל, זיין האָפענונג,
זיין חבר — שמידט פיליגראַן.

ווערט דאָך געשפּייזט אפילו אַ ווערימל אויף ערד;
הונגער האָט וועלפישע אויגן.
עס האָט זיך דער צער אין האָפן פאַרצערט,
און זיי הימל־הויך געצויגן.

האָבן די הימלען אין מיטן פון טאָג,
ניין מעסטלעך היץ און ליכטיקייט
מיט פולער גאָלדענער שפע אויסגעגאָסן,
אויף באַרגיקע רוקנס געשפרייט.

און ווען די זון האָט גענידערט בין-השמשות;
הימל — צעבלענדט ווי רויטער ווייַן,
האָט יונה הנביא פאַרלאָזט זייַן קקיון,
איידער ס׳שלינגט די נאַכט אַלץ איין.

„הייליקער נביא פון גערעגנגל און נויט —
איז שוין טאַקע משיח געקומען?
עס הערט זיך נאָך נישט דער שופר-געשאַל;
קיין צייכן פון גאולה באַנומען”.

***

קומט יונה פון געבערג אין געצעלט אַריין:
„איר גייט פון תימן אַהיים צוריק? —
עס גייט משיח מיט דעם זעלביקן וועג;
דערווייל — נאָר געוואָרפן אַ בריק.

„אַ בריק פון אַרבעט און געטלעך דערלייז,
און גליק פאַר מענטשן, פאַר אַלע.
כ׳וויל מיטגיין מיט אייך, און קעמפן מיט אייך
ביז משיח וועט ווערן נתגלה.”

# ביים כותל מערבי

(באַלאַדע)

ביים כותל־מערבי פון נר תמיד דאָס ליכט
צאַנקט און רופט צו תפילה. —
דאָרט פאַרבאָרגט די שכינה איר הייליק געזיכט
און וואַרט צו ווערן נתגלה.

עס לעכצן דאָרט אויגן, ס'ציטערן הענט:
„ווען וועט שוין קומען משיח?"
עס מורמלען ליפּן, — בליקן געווענדט,
צו דעם דערהאָפטן שליח.

און עס גארט דאָס פאָלק אין ווייטקייטן שטומע —
אין מרחקים פאַרשטויסן,
ווי ס'זוכן קינדער אַ טרייסט ביי דער מאַמע:
בענקען צו היימישע שויסן.

וועט זיך נר תמיד אין פאַקלען צעצינדן
ווען דער קץ וועט קומען. —
וועלן זיך פריידיק די שטיינער צעבינדן;
דאָס קול פון דערלייז — פאַרנעמען.

***

עס שטייט דאָרט אַ גרייז, טאָג־אויס, טאָג־איין;
הייליקער פון אַלע געשטאַלטן. —
ער גיסט דאָרטן טרערן פון ביטער געוויין,
אין שטיינערנע קאַרבן און שפּאַלטן.

ער שטייט דאָרטן תמיד ביים פאַרצייטישן מויער. —
ווער איז ער? וואָס איז זיין נאָמען?
ער קלאַפּט דאָרט אָן, אין הימלישן טויער,
ער בעט די גאולה זאָל קומען.

און ווען עס קומט אָן דער בין־השמשות:
פון דאַווענען מנחה — די צייט,
גיסט דער הימל אַ שפע פון בענקשאַפט אויס
איבער בערגישן געשפּרייט.

און עס טונקט זיך אין פלאַמען פון שקיעה די וואַנט
און שיינט ווי אַ וויזיע אַצינד:
מיט גילדערנע שטראַלן פון אַ גנעדיקער האַנט
האָבן זיך שטיינער פאַרשפּינט.

מיטאַמאָל שיינט אויף אַ שטערן אין רוים.
וואָס זאָל דער שטערן באַטייטן? —
אַ פלאַטערדיק ליכט — מען זעט עס קוים
אין ספעריש הימלישע ווייטן.

פלוצעם דער אַלטער־מאַן יונג ווערט צוריק,
ווי ס׳וואָלט זיך אין נסים געהאַנדלט:
שמחה אַן אַ ברעג און נצחון אינעם בליק —
זיין פּנים האָט זיך פאַרוואַנדלט.

— — — — — — — — — — — — — —

עס איז ירמיהו — אויפן חורבן ער קלאָגט
מיט יאָמער, מיט וויי און ווינד, —
אפשר — מ׳האָט אים פון הימל געזאָגט
די בשורה פון גאולה אַצינד?



# דער גולם

(באַלאַדע)

איז געוואָרן עול פון גלות באַשווערט מיט זאָרגן:
אַ צייכן פון אויסלייז איז ווייט.
די וואונדער פון גייסט אין די הימלען פאַרבאָרגן;
פון גוף דער כוח באַשטייט.

האָט דער מהר״ל פון פראָג אַ גולם באַשאַפן;
פון ליים — געקנאָטן גבורה.
ער האָט אים געגעבן פון חומר די שטאָפן:
דעם גוף, די אברים, די צורה.

דעם דרך פון גוף, פון גופישן לעבן, —
ס׳האָט נאָר געפעלט דער גייסט,
האָט ער אים דעם שם המפורש געגעבן —
געמאַכט אים מעכטיק און דרייסט.

***

און ס׳האָט גלות זיך צעפלאַקערט ווי פייער:
שנאה מיט פלאַמיקע אויגן. —
געלויערט האָט סכנה אויף אַלץ וואָס איז טייער;
טייער — געמאַסטן און געוואויגן.

דעמאָלט מיט דרך הטבע האָט דער גולם באַשירעמט —
דער מהר"ל האָט מכוון געווען:
ווען ער האָט זיינע תפילות צום הימל געטורעמט,
האָט דער גולם נצחון געזען.

און ווען דעם גולמס שליחות איז געוואָרן שוין פול —
דעם „שם" האָט מהר"ל גענומען;
מען האָט דעם חומר געלייגט אויפן בוידעם פון שול,
ביז משיח וועט קומען.

*
**

האָט געבלאָנדזשעט אומענדלעך דאָס פאָלק אין וואנדער;
דערנער און שטרויכל אין וועג.
איבער מדברדיקע טראַקטן, שטעט און לענדער,
טראָגט זיך אַ דמיון-געיעג.

זיינען די זונען פון האָפן פארגאנגען —
נאַכט אַזוי פינצטער און לאַנג.
שרעקן געשפענסטער צו טרעטן די זאנגען . . .
טעג זיינען פאָרכטיק און באַנג.

און ס'האָט זיך גלות צעפלאַקערט ווי פייער:
שנאה — מיט פלאַמיקע אויגן.
געלויערט האָט סכנה אויף אַלץ וואָס איז טייער,
טייער — געמאָסטן און געוואויגן.

*
**

האָבן זיך חלוצים געגרייט קיין ארץ־ישראל —
דעראָבערן ס׳הייליקע לאַנד;
מיט צעפּלאַקערט געמיט און מיט הענט ווי שטאָל —
אייזערנע רייפן געשפּאַנט.

האָט מען פלוצעם דערהערט די טריט פון משיח:
עס הערט זיך שטים פון דערלייז.
עס דרייט זיך דער גלגל — דאָס ראָד אַזוי גיך;
וועט אַוודאי פאַרלענדן דאָס בייז.

האָבן זיך טרוימער פון גאולה, זעער דערוועקט.
פלוצעם באַווייזט זיך מהר״ל:
„כמעט איז כדור הארץ מיט וואַסער באַדעקט,
דאָך מוז מען זוכן אַ קוואַל...״

„ווען מיט הייליקן טראָט עס שטייגן די עולים,
פאַרגעסט נישט פון טרייקייט די האַנט:
עס שלאָפט ערגעץ דאָרטן דער חומר, דער גולם —
ער וועט העלפן געווינען דאָס לאַנד״.

***

„און פאַרמיידט נישט דעם גולם מיט „שם״ צו באַהעפטן,
אין חסד דער׳שינענע טעג:
פאַרוועב פונעם חומר מיט גייסטיקע קרעפטן,
פלאַסטערט פאַר משיח דעם וועג״.

# נחשון בן עמינדב

ס'שמעלצן זיך זוניקע כוואַליעס אין מדברישע פלוינען
און טראָגן זיך אויף טראַקטן ביי ימיקע ראַנדן,
ווי ס'וואַלטן זיך קעפּ אין גאָלדענע קרוינען,
געצירט צעשטראַלטע אויף קופּערנע זאַמדן.

— — — — — — — — — — — — — — — —

באַפרייט פון מצרים — פון דער אייזערנער וואַנט,
פון משהן געפירט, פונעם געטלעכן מנהיג;
פון קנעכטישער ערד, צום הייליקן לאַנד
פון צוזאָג און ברכה — פון מילך און האָניק.

און מיד איז דאָס פאָלק, צעפרעסן פון שרעק . . .
ס'זיינען דריי טעג אריבער — דריי טעג פון וואַנדער;
אין גליאיקע זאַמדן גייט דער וועג אין דער מדבר —
ס'גייט מחנה נאָך מחנה — יעדער שבט באַזונדער.

מיטן פּנים צו וויטקייט, צו ימס צאָרנדיקע ברעגן.
פרעהס חייל אויפן רוקן געפּאַנצערט מיט בויגן און פייל;
מיטן פּנים צו וויטקייט אויף מדברישע וועגן,
באַגלייט בייטאָג פונעם וואָלקן, ביינאַכט — פונעם פייערדיקן זייל.

און ס'ציט זיך שבט נאָך שבט — שפּאַן נאָך שפּאַן:
אַלט און יונג, מאַן און ווייב און קינד און קייט;
באַלאָדן שווער מיט שאָף און רינד, מיט האַק און פּאַק. —
מיט פרייהייט-רוף אין דעם גליענדיקן מדבר ווייט.

*
**

און ס'וואַרפט דער ים זיך אין שטורעמס און שוידערט
און ס'יאָגן זיך וואַלן אין אייביקן ברויזן, —
שוימען צום ברעג צו, ווי פערדישער גאַוועך
און פאַרשווינדן מיט רוגזה אין זאַמדיקע שויסן.

און שוין הערט זיך ס'רוישן פון וועגן און רעדער;
ס'הייבט זיך דער שטויב ווי אַ וואָלקן אינעם מדבר.
שוין הערט זיך כּלי-זיין געקלאַפּער פון ווייטן;
ס'גרייט שוין דער שונא זיין מעכטיקן שליידער.

צי גייט דאָס דער וועג איצט אויף ימיקע פלאַכן? —
קיין אַנדערן אויסוועג ניט — דעם ים איבערשפּרייזן.
צי זאָל דאָס דער ים איצט אַ וועג פאַר אונדז מאַכן? —
זאָל קומען דער וואונדער, און זאָל עס באַווייזן.

און ס'טראָגט אינעם פאָלק זיך אַ טומלען, אַ טענהן,
פול זיינען הערצער מיט אַנגסטלעכן ציטער. —
ס'מישט זיך צאָרן פון מענער מיט קינדישן וויינען
געשפּאַנט זיינען נערוון, גערעגט — די געמיטער.

שוין ברומען די מאַסן פון אויער צו אויער זיך.
ס'הערן זיך שאַרפע ווידערשפעניקסטע ווערטער:
„צי האָט וויניק דער מצרי קברים אָט דאָרטן . . .
צו שטאַרבן אין מדבר געברענגט אונדז דאָ איצטער?“

פלוצעם פון דער מחנה שטייגט אויף דער מוטיקער נחשון. —
זיינע אויגן צעפלאַמט ווי אַ צעפלאַקערטע קויל;
זיין באָרד פעך־שוואַרץ, זיין שטעל זיכער און מעכטיק:
„פאָראויס צום ים, צום ים!“ הילכט זיין דונערדיק קול.

ער הייליקט זיין לעבן — דעם פאָלק אַ מתנה. —
ס'שפרינגט נחשון און וואַרפט זיך אין שטורמיקן ים־סוף.
פריער קומט דער קרבן און שפעטער קומט דער נס...
און ס'שפאַלט זיך דאָס וואַסער מיט זיין שטראַליקן גוף.

— — — — — — — — — — — — — — — —

ס'שמעלצן זיך זוניקע כוואַליעס אין מדברישע פלוינען
און טראָגן זיך אויף טראַקטן ביי ימיקע ראַנדן,
ווי ס'וואָלטן זיך קעפ אין גאָלדענע קרוינען,
געצירט צעשטראַלטע אין קופערנע זאַמדן.

# ביי מוטער־רחלס קבר

(באַלאַדע)

(אַ מתנה חיהלען)

עס ציט זיך אַ שיף אויפן שטח פון ים —
אַ תיבה געפּאַנצערט אין שטאָל;
געגידערט אַ מבול אויף יידישער וועלט —
רעטונג איז ארץ־ישראל.

זי שווימט אויפן וועג צו דעם יידישן לאַנד,
זי פירט דעם שארית הפליטה,
זי פירט דאָרטן מענטשן געהייליקט אין ליידן;
מענטשן מידע, פאַרשעמטע.

עס האָט קין דערהרגעט הבל זיין ברודער —
מיליאָנען ברידער און שוועסטער.
ס'האָט הימל און ערד באַדעקט זיך מיט קופּער:
שטערן פון קופּער און לעסטער.

***

קומט אָן צופאָרן אַן איינזאַמע מאַמע,
אויף אַלט־נייער יידישער ערד. —
זי בלאָנדזשעט אַרום אַליי‌ניק צעטומלט:
ס'גליק נישט געוועזן באַשערט.

דערשלאָגן איר מאַן מיט גרויזאַמער האַנט;
ס'באַגלייט זי אייביק זיין ליבע.
צוויי בליענדיקע קינדער אין פייער פאַרברענט.
עס בליקן אויגעלעך טריבע.

זיי לויפן צו איר און רופן זי שטענדיק,
קומען אַרוים פון די טויערן;
זיי שוועבן אַראָפּ פון די בערג, פון די ביימער,
זיי לאַכן צו איר פון מויערן.

ליבע און האָפענונג און מאַמעשעס גליק —
אַלץ איז געוואָרן צעשטערט.
ס'האָט חורבן ווי אַ חיה פאַרוויסט און פאַרצוקט. —
ס'גליק — נישט געוועזן באַשערט.

---

ביי דער מוטער-רחלס הייליקן קבר,
אויף בית-לחמער וועג,
פאַראומערט שטייט זי, די עלנטע מאַמע, —
פון מענטשן לויפט זי אוועק.

עס פאַרפאָלגט זי תמיד דער ביטערער גורל;
עס שטיקט זי דער חלל אין הויז. —
זי וואָגלט און שפּאַנט איבער פעלדער און וועגן:
די אומרו טרייבט זי אַרוים.

און ס'שפּרייטן פון פּאַלמען-ביימער זיך שאָטנס:
באַלד פאַלט צו די נאַכט.

ס׳הויערט אַ בענקשאַפט, אַן עצבות אויף אַלעם;
דער חלל זעט אויס פאַרטראַכט.

---

אַ קליינער בית-המקדש ביים אָפענעם פעלד,
ס׳ליגט דאָרט אַ הייליקער שטיין.
זי גיסט דאָרטן אויס איר צעבראָכן געמיט,
זי בעט מיטן גאַנצן געביין.

שטיל פון טיפעניש ווי אין משכן פון שילה —
ווי דעמאָלט חנהס געבעט:
ממעמקים — פון האָרץ, מיט שטילן געפליסטער,
קוים מיט די ליפּן זי רעדט.

זי פליסטערט דאָרט ווערטער גליאיקע, הייסע,
זי קאָן ניט פאַרגיסן קיין טרער:
שטום האָבן ליפּן געמורמלט דעם צער —
זי קאָן שוין ניט יאָמערן מער.

און ס׳האָט זיך באַהאַפטן דער צער מיטן תוך
פון חלל — שטיל, אַן געטומל,
און געשטיגן צו בערג און העכער צו וואָלקנס —
געשטיגן צום זיבעטן הימל.

---

מיטאַמאָל אין אוהל פון מוטער-רחלם קבר,
איז העל און ליכטיק געוואָרן,
ווי ס׳וואָלט זיך צעגליט אין טונקעלער נאַכט,
דער סנה — דער הייליקער דאָרן.

איז מוטער־רחל פּלוצלינג דערשינען:
„הימל האָט דיין תּפילה פאַרנומען‟. —
פון איר פּנים אַזוי מילד שטערן־ליכט שטראַלט —
חסד און טרייסט אין איר קומען.

„אַ, גרויס איז דער ווייטיק, שווער — די ליידן
פון חבלי־משיח צו טראָגן. — ‟
זי האָט געגלעט איר שטערן מיט מאַמעשער האַנט,
און געזאָגט אַזוי־צו־זאָגן:

„עס איז דער מענטש אַזוי גרויזאַם געוואָרן,
ווי גאָר נאָך קיינמאָל נישט. —
ס׳זידט יידיש בלוט ווי ס׳בלוט פון זכריה הנביא;
עס קאָן נישט ווערן פאַרווישט.

ביז דאָס געוויסן פון דער וועלט געלייטערט
אין קאַמף פון תּשובה וועט ווערן. —
דערלייזונג וועט קומען מסתּמא אויפן וועג
פון מאַמיש־געפּערלטע טרערן.‟

---

„אַ קול הערט זיך ווייט ביז די בערג פון רמה:
רחל באַוויינט אירע קינדער. — ‟
געוויין ווערט פאַרוואַנדלט אין מענטשלעך דערלייז,
אין אויפשטייג צום טורעם פון וואונדער.

# חוני המעגל

(באַלאַדע)

פירט אַ חלוץ דעם אַקער אין עמק יזרעאל,
מיט אַ דערהויבן געמיט.
געפעדערט אין פריען באַגין — פון חלום געוועקט —
מיט זינגען פון האָפענונג אַ ליד.

מונטער גייען די מויל־אייזלען אינעם געשפּאַן —
מיט הייסן געדראַנג, מיט קאָך.
זיי גייען אַזוי ווילִיק, זיי שפּאַנען מיט חשק —
זיי רייסן, זיי ציען דעם יאָך.

און עס שוועבט אינעם חלל די ברכה פון טל —
פאַלט אויף ערדס דאַרשטיק געזיכט,
און פּאַמעלעך שיילט זיך פון דער פינצטערניש,
ליכטיקייט — שיכט נאָך שיכט.

פלוצעם באַגעגנט זיך שטאָל פון שניידיקן אַקער
מיט האַרטקייט פון שטיין,
און ס'שטויסט זיך דער חלוץ פּראַלנדיק צוריק,
מיט זיין גאַנצן געביין.

⁂

ווי קומט דער פֿאַרבאָרגענער בנין אין דער ערד,
מיט שטייניקער שאָל? —
עס איז דאָס באַהעלטעניש פֿון חוני המעגל,
וואָס שלאָפֿט דאָ אינעם טאָל.

האָט פּלוצעם פֿעלדזיקע שטאַרץ זיך געהויבן —
חוני המעגל איז דערשינען.
דער מאָרגנשטערן האָט זיך אין לויטערן גאָלד,
מיט אויפֿגאַנג פֿון זון — פֿאַרשפּונען.

שטייגט ער אַרויס פֿון דער הייל, צעשויבערט און פֿרעמד,
ווי אַ געטלעך געשטאַלט:
זיין פּנים אַ מגילה פֿון פֿאַרגאַנגענער צייט —
ערפֿאָרכטיק און אַלט.

זאָגט חוני צום חלוץ: „דיין געזאַנג איז ניי,
דיין צורה, ווי אַמאָל, די זעלבע:
אין דיין ניגון איז איינגעפֿלאַנצט דער היימישער ווײַ
פֿון דער ווייסל, פֿון דער עלבע.

„ס׳וועט זיין ווי אַ חלום, נאָך ציון דער צוריקגאַנג —"
זינגט אין תהילים דאָס ליד. —
אַ האָפֿענונג פֿון צייטן, פֿון הונדערטער דורות,
מאַכט הילפֿלאָז און מיד."

זאָגט חלוץ: „האָפֿן, האָט זיך אין שאַפֿן פֿאַרוואַנדלט:
וועקן די ערד, בויען די טורעמען
פֿון גליק און דערלייז — ביסטו דער נסים־טרעגער?
דערוואַך, אונדז צו באַשירעמען!

מיר האָבן אויף וועלטלעכן קיילעך געוואָגלט,
פון גאולה –– בשורה געטראָגן.
זיינען מיר אין לאַנד פון אבות געקומען —
טריט פון משיח צו דעריאָגן."

האָט זיך חוני פאַרטראַכט אַנטקעגן דעם וואונדער
פון אויפגאַנג וואָס נאַכט פאַריאָגט, —
און מיט אַן ערנסטער שטימע פון אַ הייליקן
האָט ער אַזוי געזאָגט:

„דו ביסט דער גלגול פון אלישע דעם נביא,
וועם אליהו האָט געגעבן
זיין נביאישן מאַנטל פון געטלעכן חסד,
צו וועקן די טויטע צום לעבן."

— — — — — — — — — — — — — —

האָבן פאַלמען און בערג פון די הייליקע ווערטער
פאַרגאַפט געהערט דעם אָפּקלאַנג,
און זיינען געבליבן אין שטוינען פאַרשטיינערט,
מיט שטילן און שטומען געזאַנג.

# דיין לייכט־טורעם, נביא

צינד אָן דיין לייכט־טורעם, נביא, און ווייז דיינע וועגן
באַלויכטענע אין שיין פון דורות. —
דורך בלוטיקע שגעונות, דורך וויסטע געיעגן,
דורכן אַש פון פאַרברענטע ספר־תורות.

צינד אָן דיין לייכט־טורעם, נביא, באַהעל ס׳לעבן פונעם היינט, —
געלעסטערט מיט נעכטיקן קרבן:
אויף אַ מיליאָניקן בית־עולם זיצט די שכינה און וויינט,
ווי ירמיהו הנביא אויפן חורבן.

צינד אָן דיין לייכט־טורעם, נביא, ברענג־אויף פלאַמען פון צאָרן,
גיס צו בוימל, זאָל ברענען און גליען:
אינעם פלאַקער פון יסורים זאָל די אַנטפּלעקונג — דער דאָרן,
דער הייליקער סנה, ווייטער נאָך טליען.

צינד אָן דיין לייכט־טורעם, נביא, זאָל פאַלן דאָס ליכט
אויף אויגן — אויף געמיט פון דער וועלט,
וואָס האָט פּנים אל פּנים געזען פון אומקום ס׳געזיכט,
און נישט פאַרגליווערט געוואָרן פון קעלט.

# די זכיה באַשערט

אין דער מדבר געפּלאַסטערט אַ וועג.
יאָגט זיך וואָגן פֿון טעג.
עס זיינען געשטאַלטן
געבויגן צו דער ערד:
דעם תנא רבי עקיבא אַליין,
איז געוועזן די זכיה באַשערט.

דייסט שטורעם פֿון פֿאַרעלטערטער צייט
מיט אַ נייעם באַטייט.
פֿאַלן הייליקע גופים
פֿאַרשניטן פֿונעם שווערד.
פּלוצעם שיינט אויף אַ ליכט:
דעם תנא רבי עקיבא אַליין,
איז געוועזן די זכיה באַשערט.

געשעענישן רינגלען ווי אַ ווינטמיל:
דערגרייכן קיינמאָל נישט דעם ציל. —
די רגע איז הייליק
ווען ס'צינדט זיך ס'געמיט
העכער פֿון דער ערד.
דעם תנא רבי עקיבא אַליין,
איז געוועזן די זכיה באַשערט.

האָט אַ האָפענונג געפלאַמט אין דער נאַכט,
פון חצות ביז מאָרגנשטערן דערוואַכט.
אין אַלע אשמורות —
געקלאָג אויפן חורבן.
זיינען זיך מקריב גבורים,
כאָטש ס׳מזבח — צעשטערט:
דעם תנא רבי עקיבא אַליין,
איז געווען די זכיה באַשערט.

שלאָגט מענטשלעכע פויסט — אייזערנער וואַנט.
וואויל דעם, וואָס קעמפט פאַר זיין לאַנד
און שטאַרבט אויפגעהייטערט. —
די ליבשאַפט געלייטערט,
גיט דעם לעבן אַ ווערט:
דעם תנא רבי עקיבא אַליין,
איז געווען די זכיה באַשערט.

טרייסלט זיך גרויזאַם די האַנט פון דער וועלט;
ציטערט יעקבס געצעלט.
אין היימען — פאַרלענדונג.
רייסן זיך פון גלות-שלאָף העלדן,
ס׳שאַלן שטימען, הייליק — זיי שווערן:
מסתמא די מחנות חלוצים
איז די זכיה אויך געווען באַשערט.

# רזיאל המלאך

אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן,
האָט מיר מיין פֿאָטער אַ קליין ספרל געגעבן —
„רזיאל המלאך —"
און האָט צו מיר אַזוי געזאָגט:
„דאָס ספרל איז אַ היילִיקטום — אַ קמיע,
וואָס גייט איבער בירושה פון דור־דורות,
פֿון פֿאָטער צו זון
און האָט ד׳עם כּוח פון קבלה,
צו באַשיצן פון לויערנדיקע סכנות און פּלאָג
און באַשירעמען פון פּורעניות יעדן טאָג."

איך האָב באַטראַכט
די בראָנדז־באַזוימטע בלעטער פונעם אַלטן ספר,
וואו מיין פֿאָטער האָט געזוכט און געפונען הילף
פאַר זיין טעגלעכער, שווערער מי און אַרבעט;
אין דער נויט — אַ טרייסט אַ שטילע,
ווי אין זיין תפילה.

---

איטלעכעס מאָל ווען מיין טאַטע האָט גענומען
שמעלצן און לייטערן דאָס גאָלדענע מעטאַל, —
גיסן און פורעמען

חופה־קדושין רינגלעך, אָדער אַנדערע
כלה־מתנות:
פלעגט ער אַריינטאָן אין אַ טיגל פון ליים,
שטיקלעך פון צירונג — געוואויגן מיט קווינטל,
דאָס גאָלד, דאָס בארע,
על חוט השערה. —
ער פלעגט פירן דעם אויפגייענדיקן פלאַם,
גלייך אינעם גליאיקן פינטל;
בלאָזן קונציק די פייער־צונג, וואָס פאַרגייט אין פאַרבן:
פיאָלעט, בלוי און גרינלעך אין געמיש,
ביז ס'לויפט זיך צוזאַמען ווי אַ געהיימניש
דאָס גאָלד אין אַ לעבעדיקן קיילעך;
אויסטערליש, ווי אַן אויג:
דאָס אויג פונעם אורשפרונג.
עס מאניעט ווי פון קדמות
דער סוד פון וואַנדל . . .
וואונדערלעך ווי אַ נס.

*
**

ס'האָט טיילמאָל געטראָפן ווי אַ וואָלקן אַ מאַטער,
האָט פאַרצויגן זיך אויפן צעגאָסענעם שטאָף. —
„סאַרע טריבע כמאַרע", — זיפצט מיין פאָטער
מיט פאַרדרוס:
„אַ משחית ליגט אינעם גוס."
אַלע תחבולות העלפן נישט
און טראָציק צעשפריצט זיך ס'גאָלד אינעם חלל:
„דאָס ביטערע מזל!" —

דערמאָלט ציט מיין פאָטער ארויס
מיט ערפאָרכט דאָס וואונדערלעכע ספרל,
„רזיאל המלאך"
און נעמט זוכן סגולות קבלהליסטישע,
אָפּצושפּרעכן דעם פאַרדאַרב,
וואָס צעשטערט אַזוי האַרב.

***

ווידער נעמט ער אין מויל דאָס רערל פון מעש
און בלאָזט מיט פולן אָטעם דעם לעבעדיקן
בערנשטיין־פלאַם, —
און זע, — דער נס געשעט:
עס לייטערט זיך אוים דער צעשמאָלצענער עלעמענט
און קוקט מיט אַן אויג פון שלוה און שלום.

אַ שמייכל צעגיסט זיך אויף מיין פאָטערס פּנים
און שטראָמט איבער זיין באָרד:
עס גיסן זיך מיט ברכה רינגלעך ווי רענדלעך,
אַזוי שיין און גלאַט —
פאַרן כלה׳שן „הרי את".

***

אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן,
האָט מיר מיין פאָטער דאָס ספרל געגעבן,
ווי אַ מתן־קדושה. —
אַ טייערער איבערבלייב אין מיינע הענט.

אַ זכרון פון אבות אבותי:
פאַרגעלט זיינען די בלעטער,
ווי קרוינען פון פאַרצייטישע געטער;
סימנים פון פאַרשטאָרבענער צייט,
פאַרוויאַנעט און ווייט.

וואָס זאָל איך טאָן מיט דעם ספרלם קדושה,
ווען ס׳וועט קומען מיין טאָג?
וועמען זאָל איך איבערגעבן די ירושה,
וואו זיינען די טרייע הענט, דער מקום קדוש,
ווען אַ וועלט שאַצט אַלץ מיט גאָלד אויף דער וואָג?



# צווישן חורבות

(געווידמעט מיין אומגעקומענע משפּחה)

כ'וויל גיין אין דעם לאַנד, וואו מיין מאַמע האָט געלעבט.
כ'וויל פאָרשן יעדעם הויז — רעדן צו יעדער מויער,
אפשר וועל איך אין דער לופטן, דערהערן איר קרעכץ;
אפשר וועל איך אינעם חלל, דערפילן איר טרויער.

כ'וויל גיין אין דער שטאָט וואו מיין שוועסטער האָט געוואוינט.
איטלעך זעמדל וועל איך זיפּן — פרעגן יעדן שטיין
וואו געפונען זי האָט איר פּריצייטיקן טויט. —
אפשר וועל איך דערזען אַ זכר פון איר געביין?

כ'וועל גיין אין דעם אָרט וואו מיין ברודער האָט געקעמפט;
אויף קדוש־השם געגאַנגען מיט הייליקער מאַכט,
און געפאַלן ערגעץ דאָרטן מיט יסורים פאַרקרעמפּט. —
האָרכן — צו יעדן קבר, אפשר הערן זיין קול אין דער נאַכט.

כ'וועל שפּאַנען צווישן חורבות, כ'וועל וואַנדערן אליין —
אפשר איז עמעץ, כאָטש עמעץ פון אַלע אַנטרונען?
אפשר וועט דערגיין צו מיין אויער אַ געזיפץ, אַ געוויין,
אפשר וועל איך כאָטש אַ שריד־ופליט געפינען?

# ג ע ר אַ נ ג ל

אויף אַלע וועגן פון גערענגל יאָגן זיך די טעג. —
איך אַליין ווער יעדן טאָג געשליידערט פון ווילדן וואַרף,
ווי אַ שטיין, וואָס פאַלט אָן ציל; נאָר צויבער־קלאַנג פון אַ האַרף
באַגלייט טיילמאָל מיט חסד, דעם אימפּעט פון געיעג.

צווישן אימפּעט פון געיעגן וואָס ציט זיך אַ לעבן־לאַנג,
האָב איך אויסגעפונען אַ הילף, אַ לויטערן באַטייט
פאַר אַלץ וואָס אַנטפּלעקט אין לעבן זיך נאָענט און ווייט:
דעם תמצית פון באַשאַף איינגעוויקלט אין געזאַנג.

און ס׳וואָלטן טעג און נעכט פאַרלוירן יעדן רייץ,
ווען ניט דעם קראַמף פון גערענגל, וואָלטן געזאַנגען
איינגעכישופט, מיט מעלאָדיש־זיסע קלאַנגען.

ס׳הייבט אַ שירה זיך אַרוים פון אייביקן געפלייץ
פון טייכן און קוואַלן, וואָס לויפן פריי און אָפן. —
ס׳האָט געזאַנג אין גערענגל באַהאַפטן זיך מיט האָפן.

# ממעמקים

ערגעץ איבערן אפגרונט
שוועבט א פאווע פון גאלד, א פאווע פון גאלד —
שוועבט העכער פון זונען — ליבלעך און האלד.
ווער קאן בליקן אין הויכקייט — נישט ווערן פארבלענדט?
ווער קאן גליען אין אומקום — נישט ווערן פארלענדט?
נישט ווערן פארלענדט?

גייט אוים דער טאג:
פארשאלטענע הענט פארטיפן דעם תהום,
זעט מען די פאווע פון ווייטנס נאך קוים,
דערנענטערן זיך וואלקנס — פארשטעלן דאס ליכט:
ס'פארלעשן שטערן זייער גאלדן געזיכט,
זייער גאלדן געזיכט.

און עס פלאקערן אויגן, ס'בענקט דאס געמיט,
און עס גליט און שמידט זיך א פייערדיק ליד
פון האמער און אמבוס, פון מעטאלענעם גוס,
וואס גיסט זיך ווי לאווע מיט פרעמדן מהות. —
מיט פרעמדן מהות.

וואס זאל דא נאך ווערן, וואס זאל דא נאך געשען?
ס'האבן מיליאנען געלויערט, ס'האט קיינער נישט געזען:
צי איז עס פון אייזן, צי פון גאלד דאס ליד?

וואָס קלינגט מעטאַליש, — דאָך רעדט עס פון פריד?
רעדט עס פון פריד.

און עס גיסט זיך פון הימלען גענאָד אַזוי פיל.
און גאָלדענע שפע מאָלט זיך ווי אַ מיל,
און פירות גערייפטע לאָקן דאָס אויג,
און צווייגן פון ביימער שטייען מיט געבויג. —
שטייען מיט געבויג.

דער מענטש איז דער הערשער — קיניג פון דער וועלט.
ער איז אויך אומגליקלעך — פאַרצויבערט און פאַרשטעלט;
און זוכט שטענדיק אַ הילף — זוכט שטענדיק אַ הייל
פון שלאַנג און פון עקדיש, פון שווערד און פון פייל.
פון שווערד און פון פייל.

שיקט ער צו הויכקייט זיין שירה, און זיין געזאַנג. —
עס איז גאָר קיין פאַווע נישט, ס'אַ קופּערנע שלאַנג,
וואָס היילט נישט יסורים, וואָס שטילט נישט געוויין;
וואָס האָט גאָר קיין האַרץ נישט, וואָס לעבט פאַר זיך אַליין.
לעבט פאַר זיך אַליין.

איך זוך מער קיין פאַווע נישט, זי פאַרפירט נאָר די אויגן. —
ס'פאַלט איצט קיין מן נישט מער; ברויט ווערט געוואויגן,
און מיט שוויים מוזטו עסן דיין טעגלעכן ביסן;
מיט בלוט פונעם האַרצן, מיט ברען פון געוויסן.
מיט ברען פון געוויסן.

# וואָס זאָל איך טאָן מיט זיך אַליין?

ווייל כ׳האָב געזען אַזויפיל אומקום אויף דער ערד;
יעדעס ברעקל ליבשאַפט פאַרשוועכט און צעשטערט. —
וויל איך ווערן אייזן־שטאָל:
אָנגיסן גבורה אין מוסקולן און אין גלידער,
און פאַלן, ווי וויין־שיכור, צעטרייסלט אַ מידער. —
ראַנגלען, און אויסגיין מיטאַמאָל.

נישט קיין קרוב, נישט קיין גואל — קיינעם נישט
אויף דער גרויסער ערד, — אַ בלאָט פאַרמישט,
און פאַר אייביקייט, פאַרלוירן:
שוועסטער, ברידער — ווי אין אָפּגרונט טיף פאַרפאַלן;
שטייסט אַליין, און די וועלט זעט דיר אוים צו זיין געפאַלן
אין אַ זומפּ איבער ד׳אויערן.

וואָס אַנטרינען, איז ווי אַ זונה צו פאַרקויפן. —
צי ווילסטו פאַרשווינדן — ערגעצוואו אַנטלויפן
וואו ס׳וואַקסט דער רויטער פעפער?
עס זיינען ווי אַ תפיסה ענג, טעג און נעכט. —
עס ווילט זיך פאַר אַזוי פיל טויטע צינדן לעכט:
אַ דערמאָנונג דעם באַשאַפער.

זאָל איך וואַרפן שטיקער טעג פאַר די הינט;
אָדער טרייבן יאָרן ווייט, הפקר מיטן ווינט,
און ליבשאַפט קריעה רייסן?
עס קוקט פאַרביסן מענטש צו מענטש און טראַכט
מיט חשד, איינגאַנצן אָן פאַרטרוי, ווי מען וואַכט
אַ חיה וואָס וויל דיך בייסן.

ס'האָט קיין טעם ניט דער היינט מיט אַ טויטן נעכטן,
און קיין זין האָט ניט זכרון, אַ פאַרשוועכטן
צו הייליקן און פלעגן. —
און וואָס זאָל איך טאָן מיט זיך אַליין? — כ'געהער
דאָך דאָרט אַהין וואו ס'האָט געגליווערט מאַמעס טרער:
פון קדושים דאָס פאַרמעגן.

ווייל כ'האָב געזען אַזויפיל אומקום אויף דער ערד;
יעדעם ברעקל ליבשאַפט — פאַרשוועכט און צעשטערט. —
וויל איך ווערן אייזן-שטאָל:
אָנגיסן גבורה אין מוסקולן און אין גלידער,
און פאַלן ווי ווײַן-שיכור, צעטרייסלט אַ מידער —
ראַנגלען, און אויסגיין מיטאַמאָל.

# די ברכה פון אַ חבר

די ברכה פון אַ חבר, דער חסד פון אַ פריינט. —
איך זוך אים נאָענט און ווייט, שטענדיק און אומעטום:
אויפן שפּאַן פון וועגן, און וואו וועגן שיידן זיך;
אין פרעמדע מרחקים זוך איך אים אַרום, —
איבער ימען ווייט, וואו נאָר אַ ישוב איז פון מענטשן,
און געפין אים ערגעץ נישט; פאַרהאַקט איז יעדע טיר.
איך רוף אינעם וויסטן חלל, ביטערלעך רוף איך:
אָ, גיב מיר אַ פריינט, אַ פריינט, אַ ברודער גיב מיר. —
אָ, וואו איז ער?

ס'שפּאַנען מיליאָנען מענטשן פאַר די אויגן פאַרביי,
ווייטער, ווייטער אָן אַ סוף און אָן אַן ענד.
ס'שווינדלט פאַר די אויגן דער געדראַנג פון דער מאַסע.
ס'וויברירט די מאַשין־וועלט מיט רעש און בלענד:
הו־האַ, הו־האַ! — מ'לויפט אין געיעג, וואוהין? —
און איך בלאָנקע זיך צווישן דעם גערודער,
בענקנדיק מיט אויגן אויסגעשטרעקטע, הייסע,
נאָך אַן אויסגעטרוימטן פריינט, נאָך אַ ברודער.

און אַ צייט־לאַנג אין ליבע־שיכרות צו דער פרוי,
האָב איך געגלויבט, בלינד געגלויבט, איינגעלולטערהייט,
ווי דער גלויבן אין מזל־שטערן וואָס בלאַנדזשעט איבער אונדז
אינעם חלל פון אין־סוף, אַנטווישנדיק פרעמד און ווייט.
דאַן פאַרבלענדט אינעם זיך טוליענדיקן צויבער־גוף,
אַרגע אַנענדיק: הייליקייט פון דער שכינה שיינט
אינעם יינגסטן חלום, ווי אַ וויזיע געזעענעם,
שימערדיקן ליכט פון אַ פריינט, אַ חבר, אַ פריינט.

און אין שעהן פֿון חסד, ווען שטאָלערנע פֿליגלען:
איבער קעפּ געבוויגענע אין פֿאַריתומטע טעג
פֿאָכן מיט מידת־הדין אין אויפֿקום פֿון גייסט;
ווען ס׳וואָגלט ווידוי און צער באַרג־אַראָפּ דעם וועג.
ווען אינעם אויסלויף פֿון לעערע וועלטן פֿון אינהאַלט,
אַליינקייט פּרעסט זוניקע האָפֿענונג אויף מאָרגן,
בשעת יאוש טרינקט אוים פֿון צוטרוי יעדן טראָפּן, —
שטרעק איך האַנט פֿאַר פֿון אַנשפּאַר — אויגן פֿול מיט זאָרגן
נאָך אַ פֿריינט, אַ ברודער, אַ פֿריינט.

אין דרויסן.
דער רעגנדיקער וועלט־אַרום וואַרפֿט פֿון אַ מרה־שחורה:
ס׳הענגט אַ שטומקייט, אַ ציטערדיקע אין דער פֿייכטער לופֿט.
ס׳טרייבט פֿון אַלטער, נאַסער הונט אַרום זיך אַ פֿאַרלאָזענער:
זיינע אויגן בעטן רחמים. — געבויגן און אַפּאַטיש
לאָזט ער דעם קאָפּ אַראָפּ אַזוי טיף און זוכט. —
וואָס זוכט דאָס פֿאַרברויכטע, אַרויסגעוואָרפֿענע באַשעפֿעניש?
אַ, אפֿשר איז דאָס מיין פֿריינט, מיין פֿריינט, מיין ברודער?

איינזאָם איז דאָס לעבן. — אַ וואַגאַבונד איז יעדער מענטש.
מ׳שלעפּט אַרום זיך נע ונד, אַנגעגליט, זיך ווינשענדיק:
כ׳וואָלט וועלן אַטאָ דאָס, אַטאָ דאָס — ס׳טעלערל פֿון הימל;
און אַ חוזק שטייט אַזוי רייך־גרימירט — דלילהדיק:
פֿאַרפּירט און אַנטוישט, פֿאַרפּירט און אַנטוישט,
ביז ס׳גרינצלען אויגן־ווינקלעך, ליפּן ווי פֿאַרשטיינט.
צי גייט דער וועג נאָך וויטער? צי שטאָקט עס שוין — דער סוף?
וואו איז עס איצט דער חבר, דער ברודער, דער פֿריינט?

# שיפברוכיקייט

(סאָנעט)

זי איז געקומען מיך קויפן, מיך קויפן פאַר אַ קנעכט,
אין מיין שיפברוכיקייט: „בעסער קנעכט, ווי גאַרנישט זיין". —
איך האָב געטרונקען וואַסער אינעם דאָרשט נאָך ווייַן . . .
זי איז פון קויפעריש-גערעכטיקייט — געווען גערעכט.

און גענומען האָב איך אויפן אַקסל דעם קנעכטישן יאָך
צו טראָגן אים אַ לעבן-לאַנג מיט רוקן-געביין:
אויף שווערע זומפיקע וועגן, אויף אייזערנעם שטיין;
אָן טרייסט אין האַרצן, אָן גלויבן אינעם תוך.

אָבער ס'טרעפט אַמאָל אַ טאָג, דער נאַקן ברעכט זיך.
די לאַסט ווי בליי דריקט צו האַרט, די משא — צו שווער. —
וועקט זיך אויף מ'געמיט; ווידערשפעניקט — ווענד און קער.

רייסט זיך פּלוצעם אָפּ דער קנויל אין האַרצן און פאַלט גיך
צו דער ערד: עס האָט געפּלאַצט די שטריק וואָס בינדט
די שיף, ווען זי ברעכט זיך איןביים שטורעמדיקן ווינט.

# א ו י ס ט ע ר ל י ש

(סאָנעט)

ביסט מיר פרעמד געוואָרן, אויסטערליש און ווייט.
געהערסט דעם שנאה-לאַנד — יענעם שוואַרצן תהום.
מיין בענקשאַפט, — פאַרשפאַרט און איינגעשפּאַנט אין צוים, —
אונדז וואָס בינדט, האָט געדרויבט דער גזלן און די צייט . . .

דו באַגעגנסט מיך אַמאָל — גייסט פאַרביי מיין טיר
מיט מאָנערישע אויגן, מיט אויגן פרעגנדיק :
עפּעס שטום רעדט צו מיר דיין געשפּאַנטער בליק,
דיין שטומער רוף וואָס זאָגט, וואָס דערציילט ער מיר?

איך האָב געגלויבט, איך האָב געהאָפט אַמאָל,
דו וועסט נעמען היילוקייט ווי פון זון דעם שיין.
האָסטו צעטרייסלט עס און געשלאָגן אין אַ שטיין.

איצט איז מער קיין אָפּשיין נישט געבליבן, נאָר אַ שאָל.
דאָס גאָלד האָט אויסגעוועפּט און איז צעפלויגן.
פון דער היילוקייט — בליק פון קאַלטע אויגן.

# אַ מעשהלע

(דר. ד. **גלאַבום** — אַ מעשהלע)

דאָס לעבן שפּאַנט, דאָס לעבן שפּאַנט,
און גייט אַוועק און קומט נישט צוריק.
אויף יענער זייט טייך — יענער זייט בריק,
ציען זיך פעלדער אייביקע;
אַזוי מעגן טראַכטן גלויביקע.
דאָס לעבן שפּאַנט.

עס בלאָנדזשעט וועלט,
און דער וואַלד אַזוי טיף און ווייט.
טויזנט סכנות עס זיינען גרייט,
כאָטש בינטלעך שטראַלן זוניקע,
פאַרשפּינען פעדים אַנטרוניקע —
עס בלאָנדזשעט וועלט.

איך האָב געהערט אַ מעשהלע:
עס פליען פאַוועס גאָלדענע,
עפּעס אין לענדער באַהאַלטענע.
עס שוועבן פאַוועס ערגעץ-וואו,
און זיי פאַרפליען די אומרו . . .
פונעם מעשהלע.

טרעפט אַמאָל עס יאָגט אַ ווינט,
און רייסט אַ בלעטל פון אַ בוים,
און בלאָזט עס ווייט אויף יענער זייט צוים.
ס'איז גורל בלינד אַוודאי — מענטש.
עך, דאָס געשעלט, צי דאָס געבענטש —
עס יאָגט אַ ווינט.

אפילו שטערן לעשן זיך:
לייכט אויף, אַ גאָלדן פינטעלע,
אין פרעמדע ווייטן טונקעלע.
מיר קוקן בלינד: וואָס טוט זיך דאָרט?
וואָס איז געשען: עפּעס פּאָרט, —
שטערן לעשן זיך?



## צו־שפעט

אין בליוען שחריתדיקן, פרימאָרגן,
ווען צוזאַמען ליכטיקייט און טונקל,
האָבן אַ צויבער אין זיך פאַרבאָרגן,
פול מיט בענקעניש אין יעדן ווינקל.

האָב איך דיר, אָ, גאָט, מיין געבעט געטראָגן,
מיט אַ שטימע אַ ווייכע, אַ שטילע,
און אַנדערע האָבן העכער געשריגן,
און פאַרטויבט, פאַרהילכט מיין תפילה.

און איינגעגאַרטלט אינעם יאוש, גאַנץ
פאַרלוירן, בין איך אַזוי שטיין געבליבן, —
ווי פון שטורעם אַ דערשלאָגענער פלאַנץ —
פון דיין כסא־הכבוד פאַרטריבן.

און דער טאָג איז דערווייל געזונקען,
און די האַנט פון בית־השמשות נאָך לאַנג
האָט רובינען־רויט די זון געטונקען,
אינעם ים, מיט שטילשווייגנדיקן געזאַנג.

און שפּעטער נאָך איינמאָל האָב איך מיט טיפן מיין
געפליסטערט מיין לעצטע, הייסע תפילה,
און ווידער בין איך געבליבן אַליין,
דען עס איז שוין געוועזן נאָך נעילה.

די טויערן זיינען געווען פאַרשלאָסן —
צו שפּעט. — דו האָסט מיך נישט געהערט.
האָב איך דעמאָלט, פול מיט צער פאַרגאָסן
תפילה ווי וואַסער אויף דורשטיקער ערד.

# געראויכערט דעם אייגענעם ווייררויך

אַלט זיינען געוואָרן פריער צעצונדענע יונגען;
פלאַמיקע פייערן — פאַרגאַנגען:
אויגן פאַרלאָשן, פאַרגליווערט; עס שטאַמלען צונגען
ווייטע, פאַרבלאַסטע געזאַנגען.

וואָס די זון פון זומערס — געצייטיקט, האָבן ווינטערס פאַרפרוירן;
בלעטער געריסן האָבן ווינטן,
די צייט האָט פרוכטן פאַרוויאַנעט — געגאַנגען פאַרלוירן
ערגעץ אין טיפע אָפּגרונטן.

אמאָליק צירלעכע גופים, — צעגוידערט און שווער;
דער גרינצל ליגט אויף די ליפּן.
פּאַמעלעך דער גאַנג, דמיון שוועבט שוין נישט מער:
געבליבן פון ים נאָך אַ טראָפּן...

זיי האָבן נישט אין פייערפאַנען די פלאַמען צעטראָגן —
נישט געצונדן אַ פלאַם אין אַ פלאַם.
בלויז געראויכערט דעם אייגענעם ווייררויך, אַזוי צו זאָגן:
כהונה באַשטייט פון אַ שטאַם.

אמאָל האָבן שטאַמען געשטרעקט זיך דעם ליכט אַנטקעגן:
געשלונגען דעם צויבער פון זונען,
און זיינען צעהוילטע געבליבן אויף איינזאַמע וועגן,
ווי שרידים פון אומקום, אַנטרונען.

אַלט זיינען געוואָרן פריער צעצונדענע יונגען:
פון זקנה, פון שלאַפקייט פאַרקרומטע.
זיי טראָגן מיט גאוה פון שטאַמיקן יחוס די רינגען,
און וועלקן, וועלקן באַרימטע.

# ס׳רעדט צו מיר אַ בילד

פון דער וואַנט קוקט צו מיר אַראָפּ אַ בילד.
עס צינדן אָן זיך אויגן און פרעגן ווילד.
דאָס פּנים רייסט זיך און רעגט זיך אויף:
רעדט און ר׳עדט און ס׳נעמט גאָר נישט קיין סוף,
ביז ס׳גייט אויס דאָס ליכט אין גאַנצן הויז,
ווי ס׳לעשט אַ צויבער־לאָמפּ אומגעריכט זיך אויס.

איך ווייס ווער ס׳האָט דאָס בילד געמאַכט:
זיבן טעג און זיבן נעכט האָט ער געטראַכט
און דאָס טראַכטן זיבנפאַך אין בילד געטאָן
און געהייליקט עס ווי אַ ספר, געהייליקט ווי אַ פאָן
און ער האָט אַריינגעקושט אַלע שטריכן, אַלע פּרטים
און האָט אַזוי אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם.

דער מאָלער איז געווען אַ טרייער פריינט.
עס דאַכט זיך מיר, עס איז געווען ערשט היינט —
כאָטש זיבן יאָר ווי זיבן שטערן — אויסגעלאָשן
אין דער אייביקייט, ווי דער ים וואָלט אַוועקגעוואַשן
זיין אָטעם, זיין פאַרבענקט, לעבעדיק געמיט,
וואָס איז געווען די אומרו פונעם ים — אין ליד.

ווי דעם ימס געזאַנג — אַ שטורמיש, אייביק ליד;
תמיד זינגט עס זיך: שטורעם געמישט מיט פריד
הויערן צוזאַמען און שפּיגלען זיך מיט פרייד
פון זוניק־גאָלד און פון בלויען טיפן זייד,
פון העלע טעג און פון חלומותדיקע נעכט —
איז ער אין חלום און אין בילד געווען גערעכט.

מיטאַמאָל רעדט פון דער וואַנט אַראָפּ זיין בילד
און איך ווייס נישט וואָס עס מיינט, וואו עס צילט:
אויגן רירן זיך, ס׳מויל נעמט זיך באַוועגן,
אַ ריידן אָן אַ קול — ליפּן הייבן זיך צו רעגן
און מיין אויער פאַרנעמט באַטייט פון ווערטער
אַנגעגליטע, ווי אַ הייסער רוף, אַ באַשערטער.

עס איז אַוודאי אַ פאַרבאָרגן ליכט באַהאַלטן,
ווי אַ פאַרהוילן פייער אין אַ בליק אַ קאַלטן
און צינדט זיך אָן אינעם פונק פון דיין אייגן אויג,
וואָס זאַפּט איין אויפגאַנג, פון זונס ערשטן שטראַל־געבויג
און זאַמלט אים אין פאַרבאָרגענישן נישט געזעענע,
וואָס אַנטפּלעקט זיך אין רגעם פלוצלינג געשעענע.

# מן המצר

אויף פאַרצויבערטן הפקר שפּאַרט זיך אָן די וועלט.
פּלעמלט דער כישוף אַזוי בלוי און פאַרשטעלט,
פאַרשטעלט פאַר אַ מלאך וואָס ווייזט זיך גאָר האָלד.
זי שפּילט נאָר די ליבשאַפט פאַר רענדלעך פון גאָלד,
פאַר רענדלעך פון גאָלד.

און גלי־פּליִגעלעך ווי פונקען לייכטן און גייען אויס.
פאַרשווינדן, אַנטרינען אין ביינאַכטיקן שויס.
זיי וועקן אַ האָפענונג אינעם אומעט וואָס וואַכט,
ווען ס׳געמיט פון דער וועלט חלשט און שמאַכט.
חלשט און שמאַכט.

און עס גליִען די שטערן ווי ברעקעלעך מעש,
זיי פּראַלן פון ווייטן: אַ הימלישער יש . . .
ווער לאָזט זיך פאַרפירן פון חרטומישן זאַג?
ווער גלויבט נאָך אין מזל ביים היינטיקן טאָג? —
ביים היינטיקן טאָג?

עפּעס גראָבט זיך אין טיפעניש פון דורות און צייטן
און זוכט אינעם גוואַלדרים פון גרויסע באַטייטן,
אויב עס איז נאָך פאַרבליבן אַ שטיץ, אַן אָנהאַלט,
פון ברודער־חורבן און פון רויען געוואַלט, —
פון רויען געוואַלט.

אין פינצטערניש זינגט זיך פון שטומקייט אַ ליד:
ברומט עס און ברומט און ווערט גאַרנישט מיד,
און ציט מיט דעם ברומען דאָס חיות אַרויס,
מיט אַ פידל וואָס יאָמערט אין פאַרבאָרגעניש־שויס. —
אין פאַרבאָרגעניש־שויס.

אינעם נצח־נצחים, אינעם גליוועך פון צייט,
עס הענגט שווער אין חלל אַן אייזערנע קייט.
פאַרראָסט און פאַרפאַלן איז זי שוין גאַנץ,
ווי אַן אוראַלטער, פאַרשטיינערטער פלאַנץ. —
אַ פאַרשטיינערטער פלאַנץ.

ווי אַן אייזערנע משא איז שווער דאָס געמיט,
רייסט זיך פון הארצן מן המצר דאָס ליד,
דרינגט פון דער טיפקייט מיט וואולקאַנישן כוח,
וואָס דערציטערט די ערד מיט זיין טונקעלן תוך. —
מיט זיין טונקעלן תוך.

זי הענגט איבער גופים — הענגט איבער גייסטער,
אַלע מאָל שווערער, און אַלע מאָל דרייסטער,
און פאַרקייטלט די טויערן, פאַרריגלט דעם אויסוועג
פאַר ערגעצן נאָענטע, פאַר אויפגאַנג פון טעג. —
פאַר אויפגאַנג פון טעג.

אפשר ערגעץ זיינען אינדזלען פאַרזונקענע,
וואו ס׳לעבן מענטשן, געגלויבט, דערטרונקענע,
דערלייזט פונעם יאָך, באַפרייט פונעם עול,
אויסגעלייטערטע פונעם מענטשלעכן גורל? —
פונעם מענטשלעכן גורל?

# מיט פריי געמיט

אַזוי פיל איז פאַראַן צו באַגריסן
איידער טיר און טויער וועלן זיך פאַרשליסן
מיט שווערע שלעסער און פאַרהאַקן זיך מיט ריגל.
עס ווערט אָפּגעחתמעט וועלט מיט זיבן זיגל
און שפּעט איז דעמאָלט צו דערגרייכן מיט געיעג. —
שפּעט — מיט געיעג.

אַזוי פיל פרייד איז אין לעבן דאָ,
אויסצופילן טויזנט רגעס אין יעדער שעה:
אַיעדער פאַרב־און־קלאַנג און יעדער זונען־שטראַל,
רייסט מיט אימפּעט זיך, רייסט זיך מיט געפּראַל;
ווינקט מיט יונגע, לאַקנדיקע כישוף־אויגן. —
כישוף־אויגן.

אַזוי פיל גוטער שמייכלען גרייט, —
אויף פעלדזן־בערג און אויף גרינעם פעלד געשפּרייט:
יעדער בוים געלאָדן איז מיט פּירות פולער וואָג.
עס קאָן זיין די וועלט פאַר מענטשן פריי פון פּלאָג,
ווען אויג צו אויג עס וואָלט געבליקט מיט פריי געמיט. —
מיט פריי געמיט.

# אַ געמבל־הויז

אַ געמבל־הויז. ס׳לעבן איז אַ געמבל־הויז.
יעדער שטייט געשפּאַנט — שפּילט האַזאַרד.
אויגן ברענען, נערוון פּלאַצן — וואַרטן אויף דער טויז.
ס׳וואַרט אַיעדער אויף זיין מזל; יעדער וואַרט.

ווייניק גאָר. אַ רעשטל נאָך פאַרבליבן.
העי, כ׳גיי ממיתן ס׳אייגענע געווויסן.
אַז צו געווינען גאָרנישט האָב איך וואָס;
כ׳געמבל צו פאַרלירן לעצטן ביסן.

אַ קאַץ־און מויז־שפּיל איז דאָס גאַנצע לעבן.
ס׳אַ קללה: עסן מוז מען יעדן טאָג...
איך, אָדער — דו; עס שפּאַנט די פּויסט זיך
און ס׳וואַקלט זיך ס׳צינגל פון דער וואָג.

און דער שפּיל ווערט מוראדיקער, ווילדער:
קאָרטן פליען — ס׳הענגט דאָס גליק ביים ראַנד,
און די הצלחה גייט ווי אַ זונה —
גייט פון האַנט צו האַנט.

אַ געמבל־הויז. — ס׳לעבן איז אַ געמבל־הויז:
יעדער שטייט געשפּאַנט — שפּילט האַזאַרד.
אויגן ברענען, נערוון פּלאַצן — וואַרטן אויף דער טויז.
אַיעדער וואַרט אויף זיין מזל; יעדער וואַרט.

# אַ קערן איז פֿאַרבאָרגן

(סאָנעט)

ס'איז אינעם לייב פֿון דער ערד אַ קערן פֿאַרבאָרגן, —
געשיצט און באַשירעמט פֿון ברכה-ביימער שאָטן;
מיט ליבשאַפֿט אָפּגעהויכט איז ער, און אָפּגעהיטן
פֿון מידע מענטשן-הענט, פֿאַר דעם נייעם מאָרגן.

אַ קערן איז געפֿלאַנצט אינעם שויס פֿון מוטער-ערד,
און אַ שטאַם וועט שפּראָצן באַלד, — צווייגן וועלן ווערן
פֿרוכט-טראָגנדיקע, יעדן איינעם צו דערנערן.
מיליאָנען ל'עכצער-אויגן איז עס באַלד באַשערט.

מיליאָנען ל'עכצער-אויגן וואַרטן אין באַגינען,
אויף די ער'שטע אויסגעהאָפּטע זונען-שטראַלן,
אונטן אין די שמאַכטנדיקע יאָמער-טאָלן.

די זון שיינט אויף, דער נעפּל וועט צערינען,
און שפּראָצן וועלן אויסגעבענקטע פֿרוכטן ווייט,
פֿאַר היינט און פֿאַר מאָרגנדיקער נייער צייט.

# אַ שטימע רופט

אַ שטימע רופט פון פעלדער, שטעט און לענדער, —
אַ שטימע אויסגעשמידט ווי אייזן אינעם גלוט
מיט שטיל־געשטיקטן ברען פון געהעמטן מוט,
ווי שמשון אַ געבונדענער, רייסט די בענדער.

אַ שטימע רופט פון נאָענט — רופט פון ווייטן,
און תמיד שעפּטשעט ערגעץ־וואו אַ ווידער־קול;
פאַרגליווערט ווערט דאָס וואָרט, פאַרשטומט — דאָס מויל:
אַ רוף אין וויסטעניש — אין מדבר אויסגעשפּרייטן.

אַ שטימע רופט צו מיר און וועקט מיך אויף,
און מיליאָנען מאָנענדיקע בליקן — רופן,
מיט וואונדער אין די אויגן, מיט צעפלאַמטן האָפן.

דער רוף — אַ רעטעניש צעוויקלט זיך אָן סוף,
אין יעדן לויער־ווינקל, אין יעדן פרייען אָרט:
אַ שטימע ממעמקים און הערט זיך פאָרט.

# דלילהשע שטריק

פֿאַרגיב פֿאַר מיין גלוסטן, מיין באַגערן, —
שטאָק־פֿינצטערע נאַכט.
מיך שרעקן שאָטנדיקע הענט וואָס לויערן
און ציען מיך אין דיין מאַכט.

די הימלישע אויגן, די בלאָנדזשענדיקע שטערן —
גינגאָלד ציטערט און בלענדט.
כ׳וואַנדל אין גאַסן, וואָס בלינד זיך פֿאַרלירן
צווישן שטיינערנע ווענט.

עס האָט פֿאַרנאַרט מיך דער רייץ פֿון דער נאַכט
אין נעץ פֿון לונאַטישן־גיין.
לילית־טאַנץ באַרוישט מיט שיכרות, און לאַכט,
און צעבורענט מיין געביין.

ווער איך פֿון דלילהשע שטריק געפֿאַנגען,
וואָס צינדן מיין געמיט.
פֿאַרבלענדט פֿון ווילדע שדים־געזאַנגען,
פֿאַל איך געבונדן און מיד.

— — — — — — — — — — — — — —

אַן אויסטערליש־פֿרעמדער צויבער־פֿאַרמעסט:
עס פֿלאַקערן אויגן שטומע.
געוואָרן מיין גוף איז פֿון כישוף אַ נעסט,
דיין בעכער — אַ קוואַל פֿון נקמה.

# אַ נר־תמיד־ליכט

געבענטשט איז דער, וואָס קאָן האָפן און גלויבן
זיכערער בטחון אין אַלמעכטיקן פאַרזאָרגן,
פעסטיקט דיין היינט און מוטיקט דיין מאָרגן;
דערלייכטערט דיין טריט און מאַכט דיך דערהויבן.

איך אין מיין וואָגל, אָן האָפענונג־געזאַנגען,
אָן העלפער, אָן גואל, ווען מיין הימל איז לעער;
ווער וועט פאַרנעמען מיין תפילה, מיין באַגער?
עס איז לייכטער מיט אָנשפאַר ציל צו דערלאַנגען.

און אַמאָל כ׳וועל מיך שטאַרקן מיט אָפענעם פנים,
מיך ווענדן ווי צו אַן אייגענעם פאָטער וואָס שפּאַנט
מיר אַנטקעגן מיט אויסגעשטרעקטער האַנט,
מיט פולער האַנט פאַרגעבונג אָן תחנונים.

מיין תפילה פאַרן כסא הכבוד ווי אַ ליד,
וועל איך ביים צאַנקען פון אַ נר־תמידדיק־ליכט,
מיט צניעות־געפּליסטער, מיט ליכטיק געזיכט,
צו עמעץ פאַרבאָרגן — אַנטפּלעקן ס׳געמיט.

## פאַרוואָס?

פאַרוואָס איז אַ שפּע פון ליכטיקייט און פרייד,
ווי אַ מילגרוים געגעבן פול?
און פאַרוואָס עפּעס אַ רעטעניש האָט פאַרזייט,
קערנער פון עצבות אין דיין גבול?

פאַרוואָס האָט פאַרשלונגען היינטיקע טונקלעניש,
דעם צויבער פון נעכטיקן ליכט, —
ווי ס׳גנבעט אַראָפּ אַ טייערע מתנה פון טיש,
עמעץ מיט פאַרשטעלטן געזיכט?

ס׳הענגט אַ נעפּל אין דער לופט — איז עס אַ פאַרהאַנג
אַזאַ, צווישן הימל און ערד,
אָדער אַ מחיצה צווישן האָפענונג און פאַרלאַנג, —
צווישן דעם, וואָס איז און וואָס ווערט?

אפשר אַ לייטער וואָס נידערט צו אונדזער וועלט
און פירט אונדז צום הימל אַרויף,
אָדער אַזאַ ווענטל, וואָס שיידט אָפּ און פאַרשטעלט,
צווישן מענטש און צווישן אין־סוף?

פאַרוואָס פון טוי און רעגן האָט דערקוויקט ס'וואַסער,
אַ המון גרעזלעך אויף דער ערד
און פאַרוואָס אַנדערע, האָט פאַרשוועגקט אַ געוויסער,
ווי פאַרשניטן פון אַ שווערד?

פאַרוואָס איז די גאָב פון זון אויף כוואַליעס זאַנגען,
געפאַלן אין זומערדיקן פעלד?
און פאַרוואָס אַזוי פיל אַנדערע זיינען אויסגעגאַנגען
אָן ליכט, פון שאָטן פאַרשטעלט?

פאַרוואָס איז אַ שפע פון ליכטיקייט און פרייד,
ווי אַ מילגרוים געגעבן פול?
און פאַרוואָס עפּעס אַ רעטעניש האָט פאַרזייט,
קערנער פון עצבות אין דיין גבול?



# דאָס ליד פונעם היינט

לאָמיר זינגען דאָס ליד פונעם היינט;
דער נעכטן — געוואָרן איז דערטרונקען
אין סדומישער שנאה פונעם פיינט,
ווי בליי אין אָפּגרונט פאַרזונקען.

דעם נעכטן אין חלום געקאָרמעט:
געוואויגן, געמאָסטן ווי גאָלד.
לאָמיר פאַרוויקלען אין פאַרמעט
דעם פאַרבלייב טייער און האָלד.

לאָמיר זינגען דאָס ליד פון די טעג,
אַזוי פיל אין עלנט פאַרוועבטע;
זיי קרייזן ווי רעדער־געיעג,
מיט צעקאַרבטע געזיכטער פאַרלעבטע.

און זכרונות קרייזן צוזאַמען
מיט רעדער אין פּלאָנטער פון צייטן, —
און שטיקער פון לעבן פאַרסמען,
די טראָפּן וואָס טריפן פון ווייטן.

לאָמיר זינגען פון נויט דאָס געזאַנג.
דאָס דחקות פון הונגער אין געמיט,
וואָס ציט זיך געקאָרטשעט ווי אַ שלאַנג,
און פאַרגיפט דעם אָפּקלאַנג פון ליד.

לאָמיר ציען דעם ניגון פון לייד,
וואָס רייסט זיך פון תמצית, פון בלוט
און פאַרטייטשן דאָס וואָרט מיט באַטייט
פון אומרו, וואָס זשארעט אין גלוט.

לאָמיר ציען דעם ניגון פון אומעט:
דאָס עצבות שוועבט ווי מיט פליגל,
און גיסט זיך קוואַליק און תמיד
נאָך פון מאַמעשער שטוב — פונעם וויגל.



# דאָס ליד פון מי

יעדן פרימאָרגן גייט אויף דער וואונדער פון מי;
קומט אָן מיטן שטראָם פון מענטשן וואָס שפּאַנען
ווי דער אויפשטורעם פון קוואַלן טיפע, אונטערערדישע,
וואָס פלייצן און פאַרצווייגן זיך, אָן ענד און אָן אויפהער.

טראָגט דער וואונדער פולע לאָגלען פריש-געשעפּטע מי צו פאַרקויפן:
אַ מעסטל מי — אַ גאָלדן רענדל,
אַ מעסטל מי — אַ מעשן רענדל.
איינצוהעמען דעם באַגער וואָס רופט און מאָנט
אַלע אין דער פרי, אָוונט און מיטאָגצייט פון גוף,
אינעם הונגער-רוף.

און פאַרנאַכט, ווען ס'נידערט דער טאָג
און פאַרשווענקט אין בלויער טונקלעניש די וועלט,
טראָגט דער וואונדער זיך אויף צוריקוועגס ווידער,
און ס'ווערן לעער צוויבער-לאָגלען:
אויסגעטריפט ביז צום דנאָ די מי,
פון איצט, ביז מאָרגן פרי.

דעמאָלט שטראָמען גופים פאַרלאָשענע —
ווי אין פינצטערניש די באַטריבטע טייכן.
ציען זיך ערגעץ-וואו אַהין מיט פאַמעלעכדיקן טראָט
צו אַלע ווינקלען וואו ס'צעשיידן זיך די גאַסן.

כ׳באַגעגן זיי ווי אַ געוויסער פּלייצן, יעדן טאָג פאַרביי.
איך וואַנדער אויך — וואַנדער מיט, מיט זיי:
ווען ס׳דערשיינט דער ווייסער וואונדער פון פרימאָרגן,
און ווען ס׳גייט פאַרמאַטערט אויס, דאָס ליכט פון טאָג,
און זיין געוויינס, דער הימל וועגט אויף גאָלדענער וואָג.

צי איז עס אַ שליחות אָדער אַ גזר־דין,
צי גאָר אַ רעטעניש אַזאַ:
אָן פרייד, אָן ברכה שפּאַנען, און אָן ליבשאַפט
טראָגן אויסגעטריפטע טעג?
ווער קאָן מיט פרייד נאָך עסן היינט זיין ביסן,
וואָס איז פאַרזייט געוואָרן מיט מי און מאַטערניש.
צוויבער פון מאַטערניש וואָס פאַרוואַנדלט זיך אין ברויט?

געבענטשט זיינען הענט גערעכטע, וואָס טראָגן
דעם וואונדער פון מאָרגנס, ווען מי וועט זיין אַ ליד;
זאַמלען אין שפּייכלערס די ברכהשע קערב,
און לייכטן ווי זונען אַנטקעגן ביכורים
געברענגטע אינעם אויפקום פון צייט, —
ווי זאַנגען טראָגן אויף רווישיקע קעפּ ס׳גאָלדענע ברויט
מיט זוניק צעצונדענע שטראַלן, באַגלייט.

# אין טיפעניש פון לעבן

ניגונים נישט דערקלונגענע, לידער נישט דערזונגענע,
ווי כוחות מאַט־מידע פון מענטשן געדונגענע,
וואָס בענקען און גאַרן.
פעדים נישט געזעענע אין שעהן געליענע,
אַרום גופים מוטער־נאַקעטע, אויסגעטוענע
פון האָפן און פון האַרן.

ווילנס נישט געזעטיקטע, וואָס זיפצן פאַרפאַלענע,
אין ווינקלען איינזאַמע מיט מחשבות געמאָלענע,
אויף דמיונותדיקע פאָנען.
וואַנדערער געשטרויכלטע, מיט טריט נישט דערגאַנגענע,
אויף וועגן אומהיימלעכע פאַר צילן נישט דערלאַנגענע,
מיט קינדערישען אַנען.

אויגן אויסגעשטאַרטע, צו געטער נישט פאַראַנענע,
תפילות פאַרגליווערטע צו הימלען פאַרשפּונענע
מיט הילפלאָזע שטערן:
דאָרשטיק נאָך ציַיטן געוועזענע, פאַר תמיד אַנטרונענע, —
אינעם געשאַף פון ווערן.

האָפענונגען גאָלדענע — ווי וואַסער צערונענע,
הענט געפאַלענע פון קאַמפן נישט געוואונענע, —
אַ שפּינוועבסטיק וועבן.
גליקן געצויבערטע פון תהומות פאַרזונקענע.
ווער שעפּט נחמה פון זכרונות דערטרונקענע
אין טיפעניש פון לעבן?

# ס׳איז געווען די שעה

ס׳האָט געשוועבט דער גייסט פון אויפקום און פון דערוואַך
אויפן ראַנד פון פאַרלענד און האָט אָנגעזאָגט אַ בשורה;
כאָטש פאַרלאָשן איז געווען די האָפענונג, פאַרפאַלן — די גבורה
צווישן בערג פון ברוכווארג אינעם טויער פון שמאַך.

און פלוצעם איז געשען אַ נס, אַ וואונדער איז געקומען:
אַלע ליכטיקע בשורות ווערן אָנגעזאָגט געשווינד,
ווי דער הייל̈נדיקער אָנפלי פון אַ מילדן ווינט,
וואָס גלעט און טרייסט אין צעשטער, ווענט און צוימען.

ס׳האָט פאַרבליפט דער אויפברויז, די רגע פון דערוואַכן,
ווי דער אויסברוך פון אַ קראַטער אין וואולקאַנען־לאַנד,
באַגלייט מיט סכנה און וואונדערלעכן פלאַקער־בראַנד.

און ס׳האָט פאַרבלענדט דאָס ליכט פון טעג, דאָס ליכט — פון וואָכן,
און געטליעט אפילו אין שימער פון די נעכט. — דער בלוי,
וואָס צאַנקט און צינדט אָן דאָס האַרץ, ברענט אויס ווי שטרוי.

# אויף וואַנדער־וועג

געפונען האָב איך אויף וואַנדער־וועג, אַ צויבער־וואָרט
וואגלען אומעטום ווי אַ ווינט, פון אָרט צו אָרט —
אַ בשורה דעם נייעם טאָג.
טראָגט דאָס וואָרט מיט פאַקל אין די הענט,
מיין האַרץ דאָס אויסגעגליטע אַנטקעגן דעם בלענד
פון ליכטיקן אָנזאָג.

האָב איך די וועלט ווי מיין היים באַנומען,
געשפרייט איבער פרעמדע פעלדער דעם זאָמען
פון אונדזער היימיש ברויט.
האָבן קאַלטע אויגן מיינע הענט באַטראַכט,
מיט מאזאליעם באַקלעפּטע און אויסגעלאַכט
מיין שטרעבן, מיין נויט.

ניט קיין מונטער לאַכן, ניט קיין פרייד, —
ניט קיין ליבע האַנט האָט מיך באַגלייט;
קיין טרייער מאַמע־בליק
האָט מיך נימן אַהיים פון מידן וואַנדער־וועג
צוריקגערופן: פון נע־ונד געיעג,
אין זוכעניש נאָך גליק.

זיינען טעג אין שטאָל פון וואָלקן פאַרשוואונדן —
מעלאַנכאָלישע ווי שטומע עדות געבונדן
אין מיין געמיט.

מיך טרייסטן ניט די פאַרצירטע שטראַלן־גארבן,
ביים גאָלדענעם ציטער פון שקיעה־פאַרבן,
אין אין־סוף פאַרגליט.

עס האָט געשטרייט אין מיר, אין מיין געמיט,
אין טיפעניש פאַרבאָרגן, אַ בונטאַריש ליד
פון וועלט־דערלייז.
פון דאָרט דעם מן המצר אַרויסגערופן,
אַזוי צו זאָגן: נעם שמיד אַ וואָפן, —
צעשטער אַלדאָס בייז.

האָט אַ לקוי־חמה זוניק ליכט פאַרשטעלט,
וואָס זאָל וואַרעמען דאָס פנים פון דער וועלט
און פון גאַנצן באַשאַף.
הלוואי קאָן איך אָפּגרונטן איבערשפרינגען
און זיך פעדערן, דעם טאָג צו ברענגען
ליכטיקייט ביז פאַרגאַף.

געפונען האָב איך אויף וואַנדער־וועג, אַ צויבער־וואָרט,
וואגלען אומעטום ווי אַ ווינט, פון אָרט צו אָרט —
אַ בשורה דעם נייעם טאָג.
טראָגט דאָס וואָרט מיט פאַקל אין די הענט,
מיין הארץ דאָס אויסגעגליטע אַנטקעגן דעם בלענד
פון ליכטיקן אָנזאָג.

# ווי דודס האַרפע

כ׳בין ווי דודס האַרפע וואָס דער זעפיר אין פרימאָרגן,
פלוצעם פאַרקלינגט אירע סטרונעס,
און צויבערט ניגונים, וואָס זיינען פאַרבאָרגן
אין דערמאָנונג פון אַלטע אמונות.

איך בין ווי דער ברומיק־פליסנדיקער וועלנגעזאַנג
מיט זיין מיסטישן ציטערן,
וואָס ציט זיך אינעם ענדלאָז שטענדיקן חלומות־גאַנג,
ווי פליגל וואָס שוועבן און פלאַטערן.

כ׳בין ווי אַ צאַנקענדיק פלעמל, וואָס וועקט זיך און פלאַטערט
און גוסטעסט מיט גליאיקן קנויט:
באַלד שטייגט עס ווי אַן עמוד־אש, באַלד זינקט עס געמאַטערט
אין יסורים געפייניקט צום טויט.

כ׳בין ווי דער שטורעמדיקער ווינט אינעם מדבר וואָס ציט
אין מרחקים אָן תכלית, אָן ציל:
היינט לאַכט ער מיט שמחה, מאָרגן — איינגעוויגט און מיד,
ווי אַ קינד באַגליקט אינעם שפּיל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווייל איך צינדן צאַנקענדיק פלעמל ווי פאַקל הויך
אויף בערג, צו לייכטן די וועגן
פון די טייכן, וואו וועלנגאַנג טראָגט אַוועק דעם תוך,
פון זינגנדיק פאַרמעגן.

# באַגינען

אָ, מײַן האָפֿענונג, אין באַגינען שטײ אויף!
צי מוזן באַפֿליגלטע װאָלקנס דיך רופֿן?
צי מוזן בערג פֿאַרגאַפֿטע, דיך װעקן
אין ליכט פֿון פֿרימאָרגנדיקן גאָלד־שימער?

און אויף בײמער צעפֿראַלטע, הימל־געטורעמטע,
נעסט זיך גאַנץ אויבן, דער שטראַל פֿון מײַן גליק,
דאַכלאָז, אונטער רעגן און קעלטן געטראָגן,
װי אַ פֿאַרשפּעטיקטער שװאַלב אין װײַטן האַרבסט.

אָ, שװאַלב מיט צעפֿלאַטערטע פֿליגל, שטײ אויף!
שטײ אויף דערהױבן איבער װירבל און װיכער,
און זוך ערגעץ דײַן סוף אין אײביקײטן שטומע,
און זוך, דײַן סוף אינעם אין־סוף.

ס'איז מיט גילדערנעם חלום אָנגעטרונקען
דער פֿאַראיבערפֿליסנדיקער גן־עדן טײַך:
דער פּרת בײַ די טויערן פֿון גליענדיקן גלויבן.
פֿון גליענדיקן בענקען און אויפֿבלי־באַגערן.

אָ, איר פֿאַנגט מיך, רעיונות, מיט באַצויבערטן האָפֿן
אין נעצן פֿון שימערדיקן פֿליגל־געשװעב;
באַהאָפֿטן מיט זונשײַן איר הײליקט מײַן אויפֿגאַנג,
און רופֿט מיך פֿאַרהױלן — רופֿט מיך מיט װוּנדער.

# אַן אָרעמאַן ביי דער טיר

לאַנג האָב איך געזוכט דעם געהיימנישפולן וועג,
צו דער וואונדער־קוזניע וואו מ׳שמידט ס׳גאָלד פון די טעג.
איצט שטיי איך מיט מיין אַנגעגליט געמיט, ביים ראַנד
פון אַן אייזערנעם מויער — אַ פאַרשאָלטענע וואַנט,
ווי אַן אָרעמען ביי דער טיר.

איך קלאַפּ אין טיר־און־טויער — קיינער עפנט נישט.
שטרעק איך אויס מיין אָרעם און בלייב צעמישט. —
קיין צוריקרוף, קיין ווידערקלאַנג — איך שטיי און גאַף:
איז קיין מענטש נישטאָ צו ענטפערן תקיעת־כף,
פון אַן אָרעמאַן ביי דער טיר?

אַלע טויערן ווי אַ רעטעניש פאַרשלאָסן, שוין פולער טאָג
אין דרויסן: הימל שפרייט גאָלד אַן אַ מאָס, אַן אַ וואָג,
און וואַרפט פאַרמעגן מיט רחבותדיקער האַנט פון גביר. —
עפן־זשע אויף אַ שפעלטעלע, דו פאַרשלאָסנקייט, פאַר מיר,
וואָס כ׳שטיי אַן אָרעמאַן ביי דער טיר.

טראָג איך דאָך אַ מתנה מיט רענדלעך געוואויגן;
מיט שיינענדיק פנים און פלאַמיקע אויגן:
דעם תמצית פונעם בלוט, פון די אויגן דאָס ליכט. —
מוז איך פאַלן און קניען, פאַרשוואַרצן ס׳געזיכט,
ווי אַן אָרעמאַן ביי דער טיר?

כ׳הער דעם האַמער־שלאָג פון קוזניע: מ׳שמידט דאָרט פסולת;
מ׳פאַרטויבט דאָרטן אויערן מיט העלישע קולות:
נישטאָ מער דער פונקל פון גינגאָלד דעם עכטן,
וואָס איך טראָג זיי אַנטקעגן פון היינט און פון נעכטן,
און שטיי אַן אָרעמאַן ביי דער טיר.

# דאָס פּנים פון סדום

אונדזער לעבן גייט ווי דער גאַנג פון דער זון,
ווי דער קרייז פון דער ערד.
מיר גייען נאָר פאַרביי; ערגעץ שטעלן מיר זיך אָפּ,
ביי דעם שאַרף פון אַ שווערד.

ווען דער בין־השמשות קומט און באַגליקט
די זון ביים אונטערגיין
מיט פאַרבן־שפע, פאַרגייט זי און קומט צוריק,
ביי דער שווערד צו בלייבן שטיין.

קומט דער דמיון און גיט אונדז אָדלער־פליגלען,
צו שוועבן וואָלקן־הויך.
ביים צויבערדיקן שקיעה־גאָלד זיך צו שפּיגלען,
אין עפּעס אַ תכלית, אַ תוך.

עס איז אַ לאַנגע בריק — אַ רעטעניש־געביי;
ערגעץ ניטאָ קיין אַרוים.
אַ פאַרכישופטן עיגול מיר גייען פאַרביי —
נישט צוריק קיין וועג, נישט — פאָראוים.

און עס חלפט די שווערד ביים ברעג פונעם תהום;
ביי דער גרענעץ — אַ שווערע קייט.
אַרום אונדז לויערט דאָס פּנים פון סדום —
פון וויסטער אָן־סופיקער ווייט.

# הפקר

האָט מיך קיין ליבשאַפט נישט באַגעגנט אינעם ווייטן הפקר;
אינעם טעגלעכן גערראַנגל אויפן וועג נאָך ברויט.
האָט מיין אויג נישט פאַרבליפט דער רייץ פון שטילע היימען,
וואו מען פאַרשפּאָט מי פון הענט, וואו מען פאַרשפּאָט די נויט.

האָב איך גערופן זון צו הילף — גערופן ליכט פון ווייט.
האָט געזאָגט צו מיר דאָס ליכט אויף פרעמדע וואַנדער־וועגן:
„כ׳וועל פלוצעם אָנגעפלאַקערט אין אומגעריכטער צייט.
ליכט קומט נישט גערופן, אַזוי ווי ס׳קומט נישט רעגן“.

האָט מיר די וועלט אויסגעטיילט אַ גורל גאָר אַ פרעמדן:
מיר תמיד אַ וואַנדער־שטעקן צו וואָגלען דערלאַנגט;
גערופן מיך צו גיין אויף שליאַכן מדברדיקע, ווייטע —
אַ וואגאבונד אויף שטעגן שלעפּט זיך אום און צאנקט.

האָב איך גערופן גאָט פון רו — געגארט כּום פון שלוה.
האָט געזאָגט צו מיר די רו אויף פרעמדע וואַנדער־וועגן:
„גיי, זוך צווישן חורבות — מנוחה אין שברי־כלים;
צווישן שאַרבלעך־קופּעס, וואו ס׳שיידן זיך די וועגן“.

פֿאַרלאָז איך טײלמאָל שײַן פֿון זון, שײַן פֿון צוױבער־ליכט
און מײַן: כּוס פֿון שלוה איז סם, גאָט־דערלײז — נישטאָ.
איך װאָגל אַנטקעגן שקיעה און אומקום פֿון טעג
מיט יחידות־װאַנדל אין בין־השמשותדיקער שעה.

און װען אַמאָל עס פֿלײצט מיט בלענד פֿון זון די שפֿע,
קומט זי פּלוצעם — אַן אומגעריכטער גאַסט צו מיר;
פֿאַרשװוענדט די אוצרות, אוצרות טײערע — שטראַלן גאָלד
װאָס װאַלגערן זיך הפֿקר װי דער זאַמד פֿאַר מײַן טיר.

איך װיל נישט קײן זוניקײט — קײן ליכטיקײט־נדבֿה,
נעמען װי אַן אורח, װי אַן אָרעמאַן װאָס בעט;
איך האָב אַנטדעקט אין זיך אַלײן אַ צױבער־קװאַל,
װאָס װיל שפּרײטן פֿרײַ פֿאַר יעדן אײנעם ליכט צו זעט.



## ערגעץ אויפֿן שיידוועג

ערגעץ אויפֿן שיידוועג ליגט אַן אויסטערלישער שטיין.
ווי צוגעוואַקסן איז ער צו אַן אַלטן בוים;
ער טראַכט אַוודאי שטילערהייט אַ טיפֿן מיין,
אָדער באַהאַלט גאָר טיף אין זיך פֿון לאַנג אַ טרוים.

ווי פֿון אַ מענטש די צורה זעט אויס זיין פּלאַך;
ער ליגט מסתּמא פֿון פֿאַר־דורותדיקער צייט.
אויף זיין פּנים פֿאַרגליווערט רוט אַ לאַך.
ווער ווייס וואָס זיין שטיינערדיקער לאַך באַטייט?

אפשר אונטער אים איז אַ סוד פֿאַרבאָרגן:
אין באַהעלטעניש אַ ציל, וואָס מיר פֿאַרלאַנגען?
און אפשר אין זיין שוים, וואונדער פֿאַרן מאָרגן
היט ער, דער שומר — פֿון שווייגן געפֿאַנגען?

אַ שומר, אַ טרייער, וואָס פֿירט אין אַ וועלט,
וואו עס שוועבט אויף ליפּן אַ פֿרידלעכער שמייכל;
ווי גרעזער וואָס יובלען די פֿרייקייט פֿון פֿעלד,
פֿון רחבֿות — אַ יום־טובֿ, פֿון גרינוואַרג — אַ היכל.

און אפשר גאָר ליגט דאָס דער שטיין, דער שטומער,
אַ צייכן, אַ דערמאָנונג פון קינדישן גליק ?
אַ פאַרבלייב פון אַ גינגאָלדענעם זומער,
פון אַ ליכטיקן אַמאָל מיט דורות צוריק ?

אָדער — אַ וואונק אויף שפּעטער ווען צויבער וועט קומען
און טראָגן דעם קערן פון אַ וועלט וואָס זאָל ווערן ;
ווען פון שטיין אַ פונק, דערהיצן וועט די זאָמען,
וואָס ליגן אין ערדישע שיכטן אין גערן ?

וואָס לאַכט דאָס דער שטיין מיט מענטשלעכער צורה ?
וואָס זאָגט ער דער צייט פונעם היינטיקן שמאַכטן ?
ס'איז אפשר פאַראַן אין אַ שטיין אַזאַ גבורה,
צו אַ צויבער־מחשבה זיך צו דערטראַכטן ?



## נישט באַשערט געווען

עפּעם האָט אַ בייזע האַנט צעשטערט,
וואָס איך האָב אַ לעבן־לאַנג גענערט,
געפּלעגט און געגרייט.
מעגסט נישט גלויבן אין כוחות, אין געהיימע, —
באַהערשט דיך טיילמאָל אַ פּחד, אַן אימה
פאַרן שטורעם וואָס פאַרווייט.

---

עס איז דאָס גליק נישט געווען באַשערט,
און אפשר גאָר אויך נישט געווען ווערט
די האָפענונג אפילו, —
און כאָטש כ׳האָב געבעטן רחמים יעדן טאָג,
איז אַנדערש גענידערט פון גורל די וואָג:
צו מאַכן בטל מיין תפילה.

עס איז נישט באַשערט געווען דער וועג,
פאַרלוירן די נעכט, פאַרלוירן די טעג —
פאַרבלאָנדזשעט אַליין.
ס׳איז געוואָרן אין אַ שׂרפה פאַרברענט די בריק,
און נישטאָ איז קיין שטעג, קיין וועג צוריק
אַהיים צו גיין.

עס איז נישט דער ציל באַשערט געווען,
די זכיה נישט געהאַט צו דערזען
דעם גאָלדענעם שליאַך
וואו ס'ווערט מקוים אין לעבן דער טרוים.
פאַרהוילן די צייט — פאַרשוואונדן ווי אַ שוים
אויפן וואַסערדיקן פלאַך.

עס איז די פרייד נישט געווען באַשערט,
אויסגעחלומט אַ וועלט, שטערן ווייטע באַגערט;
וואָס קומט דערפון אַרויס?
נעכט מיט בענקשאַפט פול, אויספאַרקויפטע טעג —
פאַרצויבערטע בערג מיט קדושה־פאַרמעג
געטראָגן אינעם שויס.

ס'איז דאָס לעבן נישט געווען פאַרגינען.
מעג האָבן געלעכצט דאָס אויג, ס'האַרץ געשפונען
אַזוי ליב, אַזוי האָלד.
איצט גרויען זיך שלייפן, דער ווינטער — נישט ווייט;
ס'נעמט ראָסטן דער האַרבסט, כאָטש בלאַט און קווייט
נאָך כישופען ווי גאָלד.

# כישופט יעדן איין

ווי דער שטורעם, איילט ס׳לעבן דיר פאַרביי,
און רייסט דיך מיט זיין ווילדן וויבער מיט
און פירט דיך צום תהום, פירט דיך צום תהום,
צום פאַרגיין אין אייביקן גאָרניט . . .

און ס׳צויבערן זוניקע שטראַלן פאַרביי,
וואָס פאַנגען דיין אויג, פאַרבלענדן ס׳געמיט :
ברענגען צום פאַרלענד, ברענגען צום פאַרלענד,
און שעפּטשען אין אויער פון אומקום אַ ליד.

און אויפן וועג פונעם וויסטן פאַרלענד,
רופט אַ טאָנלאָז לאָקנדיקע שטימע,
וואָס כישופט יעדן איין, כישופט יעדן איין,
און פאַרוואַנדלט דאָס ליד אין זיסקייט אינטימע.

# זון פון זונען

ווערט יעדן טאָג געבוירן אַ נייע זון:
זי קומט אַרוים פונעם הימלישן בראשית-טראַכט
אַ געלייטערטע פון חבלי-לידהדיקער נאַכט
און וואַרפט שטראַליקע בוקעטן פון איר געצעלט,
מתנות פון ליבשאַפט אין שוים פון דער וועלט.
זי לאַכט מיט מיידלשער לוסטיקייט און פרייד
און שטיפט מיט גאָלדענע געוועבן, דין ווי זייד,
און שיקט יניקה מיט פאַרזאָרגערישער האַנט,
איבער גבול פון יעדן ים און פון יעדן לאַנד
פון פרימאָרגן, ביז סוף פון טאָג.

ווערט יעדן טאָג געבוירן אַ נייע זון,
און באַשטראַלט מיט יוגנט-גליק און מיט פרישן רייץ
אַיעדן זאַנג אין פעלד און יעדן וואַסערפלייץ.
שטרעקט אוים אַ קראַנקער זקן זיין מיד געזיכט
און זוכט דערקוויק אינעם העלן פראַל פון ליכט:
זיין גוף וועט נאָך נעמען אַ לעצטן, מילדן חסד-גלי,
איידער עס בייגט זיך אין אייביקייט, שלאַף זיין קני;
איידער שפּרודלדיקע פלאַקער-שפּע וועט פאַרגיין
אין טיפעניש-פאַרבאָרג, אין תהום אַריין,
און נעמען מיט, דעם חלום פונעם טאָג.

ווערט יעדן טאָג געבוירן אַ נייע זון
מיט פול באַטייט, מיט סוד פון אויפקום און געווין.
און אויסגעצערטלט ווי אַן ערשטלינג מיט לייכטן זין,
און שפּיגלט דורך די וועלט מיט שטראַלנדיקן אויג;
טרינקט אוים אַ טרער פון ערדס אַלטן פּנים מיט געזויג
פון ליבע און מיט געקוש פון הייסע, יונגע ליפּן,
היילט זי אוים יעדע קרומע מינע און יעדעס כליפּן
פון באַטריבט געמיט מיט ווידעראויפבלי און הייל
פון פאַרדאַרב געטאָן פון בייזער מענטשן-פויסט-געבייל,
צו לינדערן די פּלאָג פונעם טאָג.

ווערט יעדן טאָג געבוירן אַ נייע זון,
און וואַרפט אַ שמייכל-בליק צו אַ מרה-שחורהדיק געזיכט
פון אַ וואָגלער-מענטש צעטרייסלט פון זיין גלייכגעוויכט
און געטריבן אין פרעמדן, דערנערדיקן וואַנדער-וועג;
באַגלייט אים אומעטום: אין יעדן זיגזאַג פון געיעג:
אינעם גרינעם ברכה-טאָל, צי אויף געבערגיקער הויך,
וואו פעלדזן אָרעמען זיך באַנאַנד און האַלדזן זיך מיט כוח
און בליקן שלוהדיק מיט זילבערדיקן ליכט-געבלענד
און גיבן וואָגלער אַפּטריניקייט אין שטיינערדיקע ווענט,
צו באַשירמען אים פון אַנגסט פון טאָג.

ווערט יעדן טאָג געבוירן אַ נייע זון
און פאַראַנען זיינען טעג — זי ווערט געבוירן בלינד,
מיט אַ קאַפּריזנעם פּנים פון אַ קרענקלעך קינד
פאַרשפּרייט זי אומעטיקן ברוגז אויף דער וועלט;

אַ בענקשאַפט נאָגט ס׳געמיט; עס שווידערט דורך אַ קעלט.
עס ציטערט אומבאַהאָלפן אין וואַלד איעדער בוים
און גארט מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס אריין אין רוים,
זאָגנדיק פאַר זיך ביחידות, שטילערהייט אַ תפילה:
אַ געבעט אַזאַ פון עצבות, — פאַר דערלייז און גאולה
ביזן אָנקום פון מאָרגנדיקן טאָג.

ווערט יעדן טאָג געבוירן אַ נייע זון
און קומען וועט אַמאָל די דערהאָפטע זון פון זונען.
די פאַרבלאָנדזשעטע קיניגין פון צויבער ווערט געפונען, —
און ס׳דערזעט פלוצעם אַ פערל אין זאַמדיקע געביטן,
אַ נעכטיקער סגי נהר פון בלינדקייט געליטן:
דען דערלייכטן וועט מען דעמאָלט דאָס נישט דערלויכטענע
פון אַלע גרויזאַמע צייטן בחנם אויסגעפאָכטענע;
און נישט גאָלד-מעטאַל וועט גילטן און באַגליקן:
ס׳געזיכט פון ניי-געבוירענע פרייד וועט דערבליקן
דעם אויפשוואונק פון באַגערטן טאָג.

## די שפּעטע שעה

ווען שלאָגן וועט די שפּעטע שעה
און אַ בענקשאַפט וועט דיך נאָגן, —
דיך פאַרשפּינען מיט אַן אומעט,
זאָלסטו קיינעם עס נישט זאָגן.

ווען שלאָגן וועט די שפּעטע שעה
און די ליבשאַפט וועט דערשיינען,
מיט אַ קרוין פון גאָלד דיך לאָקן, —
מעגסט אַ באַלזאַם טרער אויסוויינען.

ווען שלאָגן וועט די שפּעטע שעה
און ווידער חלום וועט דיך וועקן,
אפשר קלעקן ס׳וועלן יאָרן,
שטיקער נעכטן אויסצומעקן?

ווען שלאָגן וועט די שפּעטע שעה
און אַ תפילה וועט נאָך קומען;
פאַרנומען ווערן דען די תפילות?
נעם, און וואַרף זיי אין די תהומען.

# וואוהין?

אַ פאַרצווייג פון גאַסן, הייזער זיך טורעמען,
און אין טויזנטער געשטאַלטן זיך פורעמען:
אַ המון איילט אָן תכלית, אָן זין,
אין שטענדיקן חפזון, אין אייביקן געוואַנדער:
פנימער אָנגעשפּאַנטע, אויגן — ווי קינדער
פאַרבלאָנדזשעטע, וואָגלען — וואוהין?

אַ טשאַטע פייגעלעך איבער אונדז אין הויכקייטן,
אין שורות באַהאָפטענע, ווי גאָלדענע קייטן —
קייטן באַצירט מיט בורשטין.
זיי שפּרייטן אין חלל די פליגלען מיט חן;
פאַרקלייבן זיך ערגעצוואו אין דער ווייטקייט אריין.
עמעץ האָט זיי געשיקט — וואוהין?

עס פליסט דער טייך: וועלן וויקלען זיך צוזאַמען
אין אייביקן געטרייב ווי די וועבערישע קאַמען,
וואָס קרייזלען תמיד אין געשפּין.
עס ראָלט זיך וועל אין האַרץ פון וועל און לויפט,
און יאָגט מיט פאַרבאָרגענער האַנט און שרויפט —
שרויפט ערגעץ אַוועק — וואוהין?

טײלמאָל ס׳געשעט: ס׳רײסט זיך אָפּ אַ װינט און יאָגט,
צי אין פינצטערניש פון נאַכט, צי װען עס טאָגט;
אָדער אין פרימאָרגן־באַגין:
רײסט מיט רוגזהדיקן כעס, רײסט מיט צאָרן:
עפּעס אַ פאַרכטיקער כוח איז װילד געװאָרן.
אַ בלינדער געדראַנג — װאוהין?

עס װאָגלט דאָס לעבן און שפּאַנט מיט נצח־שריט
און עס כאַפּט אין װאָגל אַלץ װי אַ גזלן מיט.
ציט זיך אַ פאָדים װאונדערלעך דין;
עס פאַרשפּינט דער צױבער זיך, תמיד אָן סוף,
און ס׳װעבט זיך און װעבט זיך, שטענדיק דער שטאָף
װאָס ציפּרײט אָן אױפהער — װאוהין?



# פאַר מאָרגן אַ ליד

דער רעש פונעם טאָג וועט אויסגיין ביז ענד,
און צעשווימען וועט ווערן די טאָגיקע לאַסט.
מיד זיינען גלידער, די כוחות פאַרלענדט;
פון טונקל די בשורה וועט קומען — אַ גאַסט.

טונקלעניש וועט ברענגען מנוחה דער וועלט,
און שפּרייטן דערלייז פאַר יעדן געמיט:
אָפּרו פון אַרבעט אין אָרעמסטן געצעלט,
האָפענונג, דערקוויק — פאַר מאָרגן אַ ליד.

וועט פאַלן אַ שטילקייט אויפן גאַנצן באַנעם, —
אַ מעלאָדיע אָן ווערטער טראָגט זיך אַרום.
נייג צו דיין אויער, הער איין זיך און פאַרנעם:
אַ תּפילה בלחש געלייטערט און שטום.

די לבנה וועט קומען אין פולער געשטאַלט
און שענקען דער ערד איר שלום און רו, —
וועט בליקן אַראָפּצו דערפאַרן און אַלט
און מיט אַ באָבעשן שמייכל דערצו.

די לבנה וועט זינקען אין וואַסער אַריין,
וועט דאָרטן אין אָפּגרונט פאַרלירן איר בליק.
אויבן, ביים פּמליה פון שטערן דעם שיין,
וואַרפט זי איבער תהומות אַ בריק.

פאַרטוישן זיך גרענעצן און מישן זיך אויס:
קיין בוים, קיין הויז — נאָר נעפּל אינעם רוים.
עס צייכענען זיך בילדער פון וואָלקן אַרויס
אונטן אין שפּע פונעם הימלישן זוים.

אויבן און אונטן ווערט פּלוצעם שוין איינס:
אַ שפע וועט קומען פון זילבערדיק ליכט.
וועלט גיסט זיך צוזאַמען: נישט מיינס, נישט — דיינס
אַנטקעגן כישוף פון לבנהשן געזיכט.



# אַ קערנדל צער

עס איז אַ שטויבעלע צער געפאַלן אַריין
אין דער גאָלדענער פרייד,
ווי עס פאַלט אַ קערנדל, און גערט, אין ווייַן,
ווי עמעץ וואָלט עס דאָרט פאַרזייט.

און ס'בליט דער צער — בליט אין אַלע פרילינג־טעג,
ווען די זון אין איר ערשטער לוסט,
ווייסט נאָך נישט, אַז אין צווייט פון ביימער אויפן וועג,
וואָרצלען ברעקלעך פון פאַרלוסט.

עס איז איינגעפלאַנצט אַ קערנדל אומעט, אין אַלץ
וואָס לעבט אויף דער ערד;
ווי אין אונדזער ברויט דער אייביקער זאַלץ,
וואָס איינגעקנאָטן ווערט.

און עס וואַקסט דער צער און פרוכפּערט זיך און קוועלט,
אין צוויבער פון זומער־צייט:
אין ברכה פון רעגן, און אין שפע פון פעלד
ווען די תבואה צייטיק שטייט.

און ס׳ציען זיך אָדערן פון צווייערליי שטאַמען
צו צווייגן די זעלביקע:
צו פרייד און צער וואָס פליסן צוזאַמען
מיט מאַמעשער יניקה.

און עס מישט זיך אוים דער אומעט מיט דער פרייד,
ווי ס׳מישט זיך שאָטן מיט ליכט
און זיי פלאַטערן אינעם געראַנגל פון צייט
איבער אַלעמענס געזיכט.



# אויף פאַרבלאָנדזשעטע וועגן

אַמאָל מיטן אָנקום פון בין-השמשות,
ווען די זון האָט זיך אין פלאַמיקער בענקשאַפט,
מיט פיאָלעט און מיט גאָלד צעצונדן, —
זיינען מלאכים צו מיר געזונקען.

איך האָב דעמאָלט געבלאָנדזשעט אויף וועגן
מדבר-וויסטע, פאַרבאָרגענע, שטילע.
עס איז נאָך דאָן ריין געוועזן מיין האַרץ —
אויף די ליפּן האָט געריט אַ תפילה.

און אַ שירה אַ שטילע, פון לויטער קדושה,
ווי דער אָן-סופיקער ציטער פון שטערן,
האָט פאַרכטיק געזונגען אין מיין געמיט,
מיט אַ ניגון, וואָס באַרירט ביז טרערן.

און אַ שטימע ווי אַ בת-קול האָט גערופן
מיך אָן אויפהער צו גרייטשאַפט אַצינדערט
און איך בין געוועזן באַרוישט פון שרעק,
און האָב פאַמעלעך ווייטער געוואַנדערט.

אויפן בלאָנדזשע-וועג האָב איך זיי באַגעגנט,
ווי מעטעאָרן צו מיר שוועבנדיקע;
אלאבאסטער-ווייסע, אינעם גלי פון פאַרנאַכט,
ווי ליכטיקע שטרייפן בלענדנדיקע.

דעמאָלט דער הימל אין טויזנט שקיעה־פאַרבן,
מיט גאָלדענע פעדים האָט זיך פאַרוועבט
און רויז־קופּערדיק, מלאכים־פליגלען
האָבן פלאַטערהאַפט נאָך לאַנג געשוועבט.

פּלוצעם האָט איין מלאך צו מיר גענענט, —
אויף זיין געזיכט אַ הייליקן באַגערן, —
און האָט גענומען צער פון זון־פאַרגיין,
און ער האָט דערמיט געזאַלבט מיין שטערן.

געציטערט האָט דעמאָלט מיין גאַנץ געביין
און איך האָב געטרויערט די גאַנצע נאַכט;
געטראָגן צער אויף פאַרבלאָנדזשעטע וועגן,
ביז דער מאָרגנשטערן האָט אויפגעוואַכט.



# אייביק אָן סוף

איז די נאַכט דערשינען פון יענער זייט וועלט
און האָט זיך פאַר אַ גוטע מאַמע פאַרשטעלט;
האָט זי דעם טאָג פאַרוויקלט אין דער האַנט —
פאַרבונדן דאָס ליכט אין טונקעלן געוואַנד.

און האָט שטיל געשמייכלט ערגעצוואו אַהין,
און געוואָרפן אַ נעץ פון בלויען געשפין,
צו די שטערן וואָס שוועבן ווי טייבעלעך ווייסע,
און טראָגן מיט זיך פון ווייטקייט אַ מעשה.

אַ מעשה פון ליבע, פון בענקען אַנאַנדער;
פון מענטשן וואָס בלאָנדזשען — בלאָנדזשען אין וואַנדער;
פון אויגן וואָס לעכצן און האָפן זיך אוים,
און פאַרגייען ווי זונען אינעם נאַכטיקן שוים.

וואַרפט נאַכט אָן געדרימל — מאַכט אויגן צו,
און טראָגט אויף בלויע הימלען זילבערדיקע רו;
ביז די זון וועט אויפשטיין, וועט זיך באַווייזן,
צו רינגלען די וועלט אין ליכטיקע קרייזן.

זיינען קרייזן גרוים, אַזוי אויסטערליש גרוים;
זיי דרייען ווי אַ ווינטמיל דעם טאָג אַרוים,
וואָס קומט ווייטער צוריק געלייטערט און ריין,
צו פאַלן ווידער און ווידער אין נעצן אַריין.

קומען טונקעלע נעצן וואָס שלעפּערן איין,
ווי שיכור געוואָרן פון גאָלדענעם ווייַן.
ביז געווינק פון די שטערן רופט אונדז אַרויף,
ווי עס יאָגן זיך וועלטן אייביק אָן סוף.



# ווערטער

דאָס מויל וואָס וואַרפט רענדלעך אויפן ווינט —
פאַרמייד:
דאָס זעלביקע מויל וואָס לויבט אצינד
קאָן ברענגען שטרויכל, קאָן ברענגען לייד,
און געוויין אפילו.

דאָס וואָרט איז פאַלש, דאָס וואָרט איז טריי
ווי גאָלד:
ס'פאַרקויפט דיך באַלד, ס'מאַכט דיך פריי.
אַמאָל איז עס הייליק־שטיל, איז דיר האָלד,
ווי אַ תפילה.

ווערטער וואָס לאָקן און רעגן ווי וויין —
פאַרפירן,
טרינקסט ווערטער ביז צום שיכור זיין:
ס'בלענדן, ס'בלאַנקען, ס'רייסן זיך קאָלירן
צו ווערן נתגלה...

אָפט באַגלייט דאָס וואָרט אַ זיסער שמייכל,
ווי אַ זון־שיין:
ס'כישופט אויס אַ קרישטאָלענעם היכל,
אַ ליכטיקן טורעם פון העלפאַנט־ביין —
חלומות שטילע.

פּלוצעם קערן ווערטער זיך ווי אַ ראָד
צוריק.
גייען גלגולים פרעמדע אין קאַראַהאָד;
ס׳דרייט זיך אום דאָס לאַכנדיקע גליק,
ווי אַ שפּולע.

אַ שפּולע פון ווערטער וואָס וויקלט זיך אָפּ,
מער און מער;
ס׳ציט זיך דער פאָדים אַרויף און אַראָפּ,
פון ווערטער צום לאַכן און וויינען, אַ טרער —
אַ ריינע, אַ פולע.

דאָס מויל וואָס וואַרפט פערל אויפן ווינט —
פאַרמייד:
דאָס אייגענע מויל וואָס רומט אַצינד,
קאָן ברענגען שטרויכל, קאָן ברענגען לייד
און געוויין אפילו.

# איבערברוך

ס'הענגט אַ בלעטל אויף אַ בוים — דאַווענט ביחידות
אַ תפילה, אַ געבעט.
ווער ווייסט עס הערן? — די ליכטער זייענען פאַרלאָשן;
עס איז איצט אַזוי שפּעט.

דער טוי איז שוין לאַנג געפאַלן. ס'איז יציאת נשמה
פאַרן היינטיקן טאָג.
ס'האָט די וואָגשאָל געניידערט אויף טונקעלער זייט —
געניידערט האָט די וואָג.

איבערברוך דערנענטערט זיך: עס ברעכט זיך אָפּ
דער טאָג פונעם היינט.
עס בלאָזט אַ ווינט מיט אַ ניגון פון תרועומות:
ווער ווייס וואָס ער מיינט?

דער בוים אַליין איז שוין אַ געבראָכענער;
געדענקט שוין אַלטע טעג.
עס ציטערט ס'האַרץ פאַר יעדן בלאָז פון ווינט.
אפשר רוימט ער אים פון וועג?

עס שפּרייטן לאַנגע שאָטנס זיך אינעם פעלד —
עס איז שוין באַלד חצות:
אינעם חלל שרייבן אויסגעצויגענע ריזן־הענט;
ס'שרעקט אָפּ יעדעס אות.

# דער בבל־טורעם

ביי די ברעגן פון אַטלאַנטיק,
וואו דער האָדסאָן גיסט זיך אויס,
ביי די ברעגן פון אַטלאַנטיק,
אין דער גרויסער נייער וועלט.

האָט געוואוינט אַ דור פון ריזן:
בראָנז די גלידער, הויט ווי קופּער.
זיי האָבן זיך געשפּילט ווי קינדער,
מיט הענט און גוף — רויטער מאַרמאַר.

און פון גראַניט שטילע היימען,
אין די בערגלעך איינגעפעסטיקט:
איינגעבעט אין טיפע גראָזן
און מיט זונשיין העל באַגאָסן.

איז געקומען דור־הפלגה,
פון אַלע עקן פונעם קיילעך:
אַלע פעלקער, אַלע ראַסן —
ווידער בויען בבל־טורעם.

האָבן מויערן זיך דערהויבן
און זיי שטייגן ביז צו וואָלקנס:
ביז די הימלען זייערע שפּיצן, —
רייסן זיי זיך הויך און העכער.

שטייגן זיילן אויף אין חלל —
שטייגן הונדערט קלאפּטער הויך;
וואַרפן שאָטנס צו די מענטשן, —
פאַרשטעלן אַזש דאָס ליכט פון טאָג.

שטייען הייזער ווי קאַזעמאַטן,
אויסגעפורעמט פון בלאָקן שטאָל;
גוס-בעטאָן און אייזן-שטאַנגען, —
אַז עס שווינדלט פאַר די אויגן.

איז דער מענטש קליין געוואָרן
אין פאַרגלייך מיט די בנינים;
ווי די קליינע, קליינע ווערעמלעך,
אַנטקעגן מעכטיק גרויסע ריזן.



# דור הפלגה

האָט דער מענטש זיך הויך פאַרמאַסטן:
ס'שוועבן אָדלערס — זילבער־שטאָליק;
ביז צו הימלען זיך דערהויבן, —
ער וואגט נאָך מער — שטייגט נאָך העכער.

סטראַטאָספערן — ווייטער חלל,
ביז צום אין־סוף פון די וועלטן;
איינצונעמען זון און שטערן,
האָט מענטש אַ שבועה זיך געגעבן.

זע די ליכטער — כישוף שלאַנגען,
פּראָלן פון דער נאַכט אַרויס;
בלענדן אויגן מיט זייער מיניען,
מיט זייער ציטערדיקן פלאַטער.

האָט פינצטערניש באַהערשט דער מענטש,
וויל ער אויך דעם טאָג באַזיגן,
און פאַרקויפן זונען־שטראַלן, —
מיט די „וואָלטן" זיי אויסמעסטן.

שפּאַנען מחנות שיכור רוישיק, —
גארן לוסט און לעכצן — לעבן;
אָנגעשפּאַנטע אויגן פלאַמען,
אָנגעפּרעלט מיט תאוה־הונגער.

גאַנצע טעג פאַר ברויט פאַרקויפטע,
ביז די נאַכט איז צוגעפאַלן, —
זוכט איטלעכער כאַטש די ברעקלעך,
פונעם לעבן אַרויסצורייסן.

שפּייט אַרויס דאָס מויל פון אָפּגרונט,
מיליאָנען גופים יאָגנדיקע,
מיט בלאַנדזשענדיקע פייער־אויגן,
אויף ווייטע טומלדיקע גאַסן.

שטויסט זיך האַנט און שטויסט זיך אַקסל,
קולות מישן זיך צוזאַמען;
ווערטער שמעלצן און זיי קאָכן,
אין פלאַמענדיקע אייביקייטן.

מישט זיך אויס די גרויסע מאַסע,
אין אַ צויבער־קרייז אָן־סופיק;
עפעס, עפעס זוכן אַלע —
געפינט זיך קיינער ניט אַרויס.

ס׳איז דער מענטש געוואָרן עלנט,
זיך פאַרלוירן צווישן גדלות;
אין די מאַרמאָר קאַלטע הייזער,
בלאָנדזשעט ער אַרום צעטומלט.

האָט דער מענטש זיך הויך פאַרמאָסטן,
ס׳שוועבן אַדלערס זילבער־שטאָליק;
ביז צו הימלען זיך דערהויבן, —
ער שטייגט נאָך מער — וואַגט נאָך העכער.

# ווען צוריקגיין אַהיים

דער טאָג איז געקומען און װעט צוריקגיין אַהיים
פֿון יענער זייט לענדער, פֿון יענער זייט װעלט;
ס'האָט זיך פֿרימאָרגן אין אויפֿגאַנג צעהעלט.
די זון האָט געצויבערט דעם פֿולינקן טאָג;
געוואויגן מיט וואָגשאָל, מיט גאָלדענער וואָג,
מיט גאָלדענער וואָג.

דער טאָג איז געקומען און װעט צוריקגיין אַהיים
דורך די וועגן פֿון שקיעה וואָס פֿירן צו נאַכט.
די גאָלדיקסטע זון ווערט אין אָוונט פֿאַרטראַכט
און גייט אוים אין בענקשאַפֿט מיט טריבן פֿאַרלאַנג,
וואָס ציט טענער פֿון שטילקייט מיט שטומען געזאַנג.
מיט שטומען געזאַנג.

דער טאָג איז געקומען און װעט צוריקגיין אַהיים,
און ס'קומט שיין פֿון לבֿנה און דרעמלט אונדז איין
און טריפֿט אַריין די נאַכט אונדז, ווי פֿאַרטוּיבּיקן ווײַן:
עס באַווייזט זיך אין שיכּרות אַ גאָלדענער וואַלד,
וואָס בליט ביז די הימלען מיט אויסטערליש געשטאַלט.
מיט אויסטערליש געשטאַלט.

דער טאָג איז געקומען און וועט צוריקגיין אַהיים, —
און עס וואַנדערט דאָס לעבן אויף שטענדיקן טראַקט,
פאַרצויבערט אים עגול, מיט שלעסער פאַרהאַקט.
וואו איז ערגעץ דער אויסוועג, דער תכלית וואו איז?
זיך ראַנגלט דער שוואַכסטער, זיך ראַנגלט דער ריז.
זיך ראַנגלט דער ריז.

דער טאָג איז געקומען און וועט צוריקגיין אַהיים.
טאָ גיסט אָן דעם כוס פול, כל־זמן עס גלוסט:
פאַרבלענדטקייט איז תענוג, שיכרות און לוסט.
נעם פאַרשפּאָטן דעם צער, — דאָס ביטער־געמיט.
לאָמיר שטימען די האַרפע און זינגען אַ ליד.
זינגען אַ ליד.



# אינהאַלט

## א) אין ליבשאַפט

## ב) לאַנדשאַפט אין בילד



## ג) יידישע מאָטיוון

## ד) אינעם גערטנגל

## ה) געשטאַלטן קלאַמערן זיך